# I

ער האָט א צוויטן מאָל מיט'ן וויכן ראזיר־בערשטל ארומגעשמירט זיינעביידע באַקן מיט מילינעס, געקוקט אין דעם שמאָלן אלטן שפיגל אויפ'ן וואַנט, און וועל־כען ער האָט זיך ניט קלאָר געזען און גענומען זיך ראזירן.

דאָס דינע שארפע מעסערל האָט צו דער רעכטער באק זיך צוגעכאַפּט און גיך די האָר געשניטן.

עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— די טיר איז אָפן. אריין! — האָט ער הויך א זאָג געטון, א צי געטון די הויזן העכער אביסל און א נייגעריקער געקוקט צום אריינגאַנג.

א יונגע פרוי, א הויך־געוויקסיגע, מיט ברוינע אויגן, אָנגעטאָן אין א פוטערנעם מאַנטל, וואָס איז פון אויבן געווען אָפּגעשפּיליעט, איז אין צימער אריין, א פריילאַכע.

— העלאָ, טשארלי! — האָט זי די ווערטער גיך ארויס־גערעדט — שוין אזוי פרי אויפגעשטאַנען?

ער האָט געפילט גוט וואָס זי איז געקומען. אָבער ער איז געווען רואיג. אָנגענומען אַן אויסדרוק אז ער איז אינגאַנצן גלייכגילטיג צו איר קומען. ער האָט ווידער געקוקט אין שפּיגל און זיך ראזירט.

איר פאַרשווייגן זיין קאַלטע אויפנאַם האָט אים גערירט.

— אַנטשולדיגט — האָט ער זיך אָנגערופן — וואָס איך האַלט זיך אַזוי פריי בא זיך אין צימער. טוט זיך אויס, זעצט זיך אַוועק און מאַכט זיך באַקוועם.

די יונגע פרוי האָט אַ שמייכל געטון, זיך אויסגעטון איר הוט מיט דעם מאַנטל. זי האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אויף טשאַרלי׳ן, באַמערקט ווי ער גייט בלויז די הויזען אויף זיך און איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל פון׳ם בופעט.

— איך קום צו אָפט צו׳נ׳אייך, אַ יאָ? — האָט זי געפרעגט אין שפּיגל אַריין.

— עס מאַכט ניט אויס. איר זיינט אַן אָנגעלייגטער גאַסט ביי מיר. — האָט ער געענטפערט — וויפיל האַלט איצט אַ גוטער זייגער?

— אַרום עלף — האָט זי זיך אויסגעדרייט און זיך אַוועקגעזעצט — איר דאַרפט באַלד גיין אין דער רעדאַקציע? מסתמא נישט. — האָט זי זיך אַליין געענטפערט.
שאַפּיראָ האָט זיך אָפּגעראַזירט, אַרומגעוואַשן און זיך גענומען אָנטון.

— איר וועט דאָך גיין מיט מיר עפּעס נעמען אין מויל אַריין? — האָט ער געפרעגט.

— ערשט אָפּגעגעסן. גייט אַליין.

זי האָט אַרויסגענומען דעם „פּאַודער פּאָף״ פון איהר האַנט־טאַש און אַרומגעפּודערט טשאַרלי׳ס געזיכט.

טשאַרלי איז אַרויסגעגאַנגען. גייענדיג, האָט ער געטראַכט, אַז ס׳איז טאַקי זייער גוט וואָס אָט די יונגע שיינע פרוי איז פאַלש צו איר מאַן און קומט אַזוי אָפט

צו אים אין האָטעל־צימער. און נאָך בעסער איז וואָס זי רעדט ניט צו אים ווענן ליבע און תכלית, און רעדט מיט אים אפילו ניט אָפּ ווען צו טרעפן זיך. זי קומט ווען זי וויל, גיט זיך איבער און זי גייט זיך א צופרידענע אוועק צוריק צו איר הויז און צו איר מאַן, וואָס איז איר אין גאָרניט חושד — דער אידיאָט!

אריינגייענדיג אין עלעווייטאָר, האָט סעם, דער נעגער וואָס פירט דעם עלעווייטאָר, אָף אים אָנגעשטעלט זיינע פארויטעלטע אויגן, אזש פארגעסן צו גיין צום רעדיל.

— כ׳האָב געמיינט אז עמיצער איז דאָ בא אייך — האָט ער געזאָגט פארוואונדערט און נייגעריג אויסצוגע־פונען וואו ס׳איז אהינגעקומען די פרוי וואָס ער האָט ערשט מיט א פּאָר מינוט געזען אריינגיין צו שאפּיראָ׳ן אין צימער.

— „עמיצער” איז נאָך דאָ בא מיר. ניט געזאָרגט — האָט שאפּיראָ געענטפערט סעם׳ען און אָנגעוויזן אָפּ׳ן רעדעל, ער זאָל ארונטערפאָרן.

סעם האָט שוין פארשטאַנען אז ס׳גייט זיין פריילאך. אז ס׳קומט צו אָט די זאכן, פארשטייט זיך סעם זייער גוט. א סך מיידלאך וואָס וואוינען דאָ, קומען אָן צו אים ער זאָל זיי צו עמיצן אריינשיקן און יעדער מאַן וואָס וויל אין זיין צימער אָף עטליכע מינוט מיט א פרוי זיך באהעפטן, קומט אָן צו סעמ׳ען. ער איז דער פארמיט־לער. דערפאר זיינען מיט אים אלע גוט, און פאר זיך אליין אז ער קלייבט זיך דאָס שענסטע מיידל אויס, גיט זי זיך צו אים איבער ווי צו א ווייסן, א מענטשן פון איר אייגענעם קאָליר.

צוריק, ווען ער האָט שאפּיראָ׳ן ארויפגעפירט, האָט ער

אים שוין גאָרניט געזאָגט. זיך געהאַלטן אַזוי ווי ס׳ אינטערעסירט אים גאָרניט.

אַז שאַפּיראָ איז אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער, האָט ער געטראָפן די יונגע פרוי שטיין בא אַ טישל און ציילן אַ צוויי צענדליק דינע פּעקלאַך שוועבעלאַך וואָס זיינען דאָרטען געלעגן.

— אַ שוואַכקייט אַזאַ — האָט ער געגעבען אַן ענטפער אויף דער פראַגע וואָס ער איז געווען זיכער אַז זי איז גרייט צו פרעגן אים — איך האַלט אין איין קויפן און קלייבן פּעקלאַך שוועבעלאַך און ליג זיי דאָ אַוועק.

זי האָט בא אים געבעטן אַ סיגאַרעט, און ווען זי האָט פאַרויכערט, האָט זי אַ בלאָז געטאָן אַ ביסל רויך שאַ־פּיראָ׳ן אין פּנים אַריין.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן אַז ס׳איז שוין צייט אָנפאַנ־גען. ער וועט דאַרפען באַלד אַוועקגיין און לאַנג זיך אַרומשפּילן מיט איר גלאַט אַזוי, האָט ער קיין חשק ניט.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אַרויסגענומען דעם סיגאַרעט פון איר מויל און אַ קוש געטון אין אירע ליפּען.

קושענדיג, האָט זיך איר וואַרעמער קערפּער צוגעדריקט צו זיינעם. זיין בעטל איז געשטאַנען גלייך דערביי.

— וואַרט אַ מינוט — האָט זי מיט די הענט אים אויף דער גרינג אַ שטופּ געטון פון זיך און זיך אויפגע־הויבן.

אויף דער גיך האָט זי זיך אינגאַנצן אויסגעטון און זיך אויסגעצויגען. איר לייב איז געווען פריש. באַגיריג.

זי האָט זיך נאָכדעם מיט דעם אונטערשטן טייל פון איר קערפּער, געגעבן אַ וואָרף־אָפּ איז אַ זייט און געבליבן

ליגן א מידע, קוקענדיג אף אים היימיש און פריינדליך.

— הערט, טשארלי — האָט זי א זאָג געטאָן — וואָס וואָלט געווען ווען מיין מאן קומט איצט אַהער, און טרעפט אונז דאָ אזוי ?

— סע וואָלט געווען אז אָך און וויי צו אונדז אלעמען.

— אָבער וואָס וואָלט איר געטון, ווען איר האָט א פרוי און טרעפט איר אזוי מיט א צווייטן ? — האָט זי געוואָלט וויסן.

— אָ ! — האָט ער א זאָג געטון אן אומצופרידענער — ס' איז ניטאָ וואָס צו טראכטן. מ' דארף הנאה האָבן און זיך ניט אָפּגעבן קיין רעכענונג. איהר ווייסט — האָט ער געזאָגט אין א ווייל ארום — ס' זיינען דאָ אזעלכע וואָס האָבן אפילו באַציאונגען מיט טויטע פרויען...

— מיט טויטע, מיט געשטאָרבענע ?... — האָט זי זיך געגעבן א כאַפּ און איז פול געוואָרן מיט שרעק און פארוואונדערונג.

— יאָ — האָט שאפּיראָ געענטפערט — איך האָב זיך ערשט לעצטע וואָך דערוואוסט דערפון. א אידישער באגרעבער, אן „אָנדערטייקער", האָט עס מיר דערציילט.

— וואָס האָט איר צו טאָן מיט באגרעבערס ? — איז איר געווען א גרויסער חדוש אף אים.

— מיט וועמען האָב איך דען ניט צו טאָן ? — האָט שאַפּיראָ געשמייכעלט — ער איז געקומען אין דער רע־דאקציע און מיר געבעטן אז איך זאָל פאר אים אָנשרייבן עטלאכע שיינע אַנאָנסן. ער גייט אָנפירן א „קאמפּיין" פאר זיין געשעפט, האָט ער געוואָלט איך זאָל אים ארום־העלפן אָנשרייבן אזעלכע אינטערעסאַנטע אַנאָנסן וואָס זאָלן צוציען דעם עולם...

— נו?

— אז ער האָט מיט מיר גענומען ריידען דערפון, האָב איך דערפילט אזוי ווי נעבן מיר וואָלט געשטאַנען דער מלאך המות. איך האָב אים געזאָגט אז איך האָב קיין צייט ניט און אים געהייסן גיין צו אנדערע שרייבער. ער האָט זיך אָבער צוגעטשעפּעט צו מיר ווי א קלעשטש.

— איז וואָס האָט ער אייך דערציילט? — האָט די פרוי זיך גענורעט אין אים.

— ער האָט דערציילט אז ס׳ א גוט געשעפט אָט דאָס באגראָבן מענטשן. מען מאַכט דערפון א פיינעם לעבן...

— אָבער וועגן די פרויען, וועגן די טויטע פרויען?
— האָט זי געוואָלט ער זאָל קומען גלייך צום פונקט און זי האָט געפילט א מאָדנע גוטסקייט אין דעם ציטער פון איר קערפּער.

שאפּירא האָט עס באמערקט און איר דערציילט דאָס וואָס זי האָט אזוי געוואָלט וויסן:

— א יונגע שיינע אידישע מיידל איז געשטאָרבן. קען מען זיך פאָרשטעלן וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין יענעם הויז. אָבער געשטאָרבענע באגראָבט מען. האָט מען זי געבראכט אין יענעם „אָנדערטייקינג פּלאַץ" און אף מאָרגן האָט געדארפט זיין די לויה.

ביינאַכט איז דער באגרעבער צופעליג אריינגעקומען אין דעם צימער וואו די מיידל איז געלעגן. האָט ער געזען ווי איינער פון זיינע ארבעטער איז מיט איר געווען... איז מיט איר געווען און האָט אזא הנאה ארויסגעוויזן, ווי זי וואָלט געווען א לעבעדיקע...

די יונגע פרוי וואָס איז א נאַקעטע געלעגען נעבן

שאַפּיראָ׳ן, האָט אויפגעשווינדערט. זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ און אַ געשריי געטון:

— אָ, הערט אויף. ס׳ איז שרעקלאַך!

זי איז געווען אויפגערעגט. צערודערט. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אָנגעטון גיך ווי זי וואָלט פאַר עפּיס מורא געהאַט. געגעבן שאַפּיראָ׳ן די האַנד און זיך געלאָזט גיין.

באַ דער טיר האָט זי זיך אין עפּיס דערמאָנט, האָט געעפענט דעם האַנט־טאַש און איז צוגעגאַנגען צו אים.

— שיר פאַרגעסן — האָט זי געזאָגט און אַרויסגענומען אַ נייעם בלויליכן שניפּס — אַ מתנה פאַר אייך.
און זי איז אַוועקגעגאַנגען.

שאַפּיראָ איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויפגערוקט דעם פאַרהאַנג.

אַנטקעגן, איבער דער גאַס, האָבן זיך געזען די פענסטער פון אַ שאַפּ. די אונטערשטע שויבן זיינען געווען פון ניט דורכזעעענדיקע גלאָז, אַזוי ווי צוליב דעם אַז די אַרבעטער זאָלן ניט קאָנען אַרויסקוקן אין גאַס אַרויס. פון אויבן האָבן זיך געזען די פּאַסן און די אויבערשטע טיילן פון די מאַשינען. די לעדערנע פּאַסן האָבן זיך קיילעכיג און שנעל געיאָגט אַרום זיך. געיאָגט זיך אין אייביקן גערויש. עס האָט געמאַכט אַף שאַפּיראָ׳ן דעם איינדרוק ווי דאָרט וואָלטן ניט געווען קיין פרייע מענטשן מיט אייגענע ווילנס, נאָר מענטשן פאַרשפּאַרטע, אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן אָפּגעטון די ערגסטע פאַרברעכנס אין דער וועלט און מ׳ האָט זיי אַהין פאַרטריבן, זיי זאָלן אייביק אַרבעטן און קיינער זאָל ניט קאָנען זען וואָס זיי טון און זיך וועלן אָננעהמען פאַר זיי.

שאפּיראָ האָט זיך פאַרשעמט. מענטשן ארבעטן אזוי, און ער טוט גאָרניט.

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אז ער האָט אַן ארבעט. ער דאַרף אָנשרייבן אַן ארטיקל פאַר דער צייטונג.

ער האָט נאָך אפילו צייט. דאָס ארטיקל דאַרף ער ערשט געבן מאָרגן. אָבער ער האָט נאָך קיין טעמאַ ניט. ווייסט ניט פון וואָס צו שרייבן, און ער האָט פיינט אָפּלאָזן דאָס זוכן אַ טעמאַ אויף דער לעצטער מינוט.

ער האָט אַ קלער געטון, וואָס, אַ שטייגער, ער קען איצט שרייבן. אָבער עס האָט זיך אים גאָרניט געטראַכט. ס'האָט זיך אים געדוכט, אז ער געדיינקט ניט וואָס ס'איז פאָרגעקומען אַ מינוט פריער.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַפ'ן טישל, וואו עס זיינען געווען אוועקגעלייגט עטלאכע ביכער און פארשידענע זשור־נאַלן. פון אויבן איז געלעגן דער לעצטער נומער פון דעם וואָכענבלאַט „דהי ניישאָן". שוין אַ סך מאָל האָט ער דאָרט געפונען מאַטעריאַל וואָס ער האָט אויסגענוצט פאַר ארטיקלען.

ער האָט אָנגעהויבן דורכבלעטערן דעם זשורנאַל. דורכ־געקוקט אויבענאויף די לייט־ארטיקלען, די אנדערע ערנסטע ארטיקלען און דערזען צווישען דער קאָרעספּאָנדענץ־אָפּטיי־לונג אַ בריף אויף וועלכן די רעדאקציע האָט אוועקגעשטעלט אַן איבערשריפט : „נאָר פון דער קריסטלאכער ראַסע".

ער האָט פארשטאַנען, אז ס'האָט צו טאָן מיט אידן, און ער האָט עס איבערגעלייענט.

אַ אידיש מיידל, אַ סטענאָגראַפיסטין, האָט זיך באַקלאָגט וואָס זי קאָן קיין שטעלע ניט געפונען, אז זי מאַכט אַפּ־ליקאַציעס צו דער ארבעטס־ביוראָ פאַר אַ שטעלע, קריגט

זי אַן ענטפּער, אז די וואָס זוכן סטענאָגראַפיסטקעס, ווילן בלויז קריסטלאכע. זי איז אָבער א אידישע. זי באלאנגט צו דער ראסע פון וועלכער קריסטוס איז געבוירן געוואָרן. וואָס זאָל זי טון ?

שאַפּירא האָט אוועקגעלייגט דעם זשורנאַל.

גוט, אויסגעצייכנט. ער האָט שוין פון וואָס צו שרייבן. אידישע סטענאָגראַפיסטקעס קאָנען קיין ארבעט ניט באַקומען ווייל זיי זיינען אידען. דאָס איז דאָס בעסטע וואָס ער קאָן שרייבן פאר דער צייטונג, וואָס איז אַלעמאָל גרייט צו מעלדן וועגן אידישע צרות, גזרות און רדיפות אף אידן.

ס'פארשטייט זיך, ער וועט ניט דערמאָנען ניט דעם בריף און ניט די „ניישאָן". דאָס ארטיקל וועט ער אָנהויבן שרייבן, אַן ערך, אזוי : —

„אז אין אמעריקע הערשט א פארביסענער אנטיסעמיטיזם, וועגן דעם איז איבעריק צו שרייבן. מע דארף ניט קיין בעסערן באווייז דערויף ווי דער שווארצער, פינסטערער קו קלוקס קלען, וואָס טוט זיין פארדאַרבנדיקע ארבעט סאַי אין דער שטיל און סאַי אין דער עפענטלאכקייט.

„אָבער אז דער אַנטיסעמיטיזם דאָ אין לאַנד — און בא אונז אין שיקאַגע — דערגרייכט שוין אזוי ווייט אז אין פילע קריסטלאַכע אָפיסעס אַנטזאגט מען זיך אָננעמען אידישע אַנגעשטעלטע, אידישע סטענאָגראַפיסטקעס, נאָר צוליב דעם איין איינציקן חטא זייערן וואָס זיי זיינען אידן, אידישע טעכטער, — דאָס זעט איר — — — — "

ס'איז אַלרייט. שוין דאָ אַן ארטיקל. באנאכט וועט ער עס אָנשרייבן, אָדער נאָך היינט אין דער רעדאקציע.

דערווייל דארף מען גיין אין דער רעדאקציע. דורכלײ־

ענען קאַרעקטורן, שרייבן נייס און אויסגעפּונען וואָס ס׳ טוט זיך עפּיס אַף דער וועלט.

יעדן מאָל ווען שאַפּיראָ גייט צו דער אַרבעט, דערוואַרט ער עפּיס נייס, אַ שטיקל איבעראַשונג, אָדער זיך טרעפן מיט אַ נייעם מענטשן, אַ גאַסט פון ערגיץ.

אַמאָל וואָלט ער וועלן, אַז ווען ער וועט קומען אין דער רעדאַקציע, זאָל ער אַף זיין פּלאַץ טרעפן זיצן אַן אַנדער צייטונגס־שרייבער, און דער אַלטער באַלעבאָס, דער אַרויס־געבער פון „די אידישע וועלט", זאָל צוקומען צו אים מיט אַ רחמנות־פּנים און זאָגן :

— איר פאַרשטייט... איך האָב געמוזט צונעמען אַן אַנדערן אַף אייער אָרט. איר פאַרשטייט דאָך אַליין...

וואָלט עס טאַקי פאַר אים געווען שלעכט, אָבער ס׳ וואָלט געווען אינטערעסאַנט. אַ נייע איבערלעבונג. אַ נייע דער־פאַרונג, און וואָס וואָלט ער טאַקי געטון ווען מען זאָגט אים אָפּ ?

אַז ס׳ קומט אים אַרויף דער געדאַנק פון אָפּגעזאָגט ווערן, האָט ער הנאה. ער ווייסט אַז דאָס איז כמעט אַן אוממעגליכקייט, און דאָס אַליין איז פאַר אים אַ באַפרי־דיגונג.

ער איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל און זיך צוגעקעמט די האָר. אַז ער האָט געקוקט אין שפּיגל, האָט זיך אים געוואָלט אַ זאָג טאָן :

— אָט דער בין איך טאַקע. ס׳איז איך...

אַמאָל קומט אים אויס אַז עפּיס אַן אַנדער מענטש קוקט צו אים פון שפּיגל אַרויס, אַז ס׳ איז ניט דער וואָס ער פילט זיך אַז ער איז; אַז דער וואָס קוקט אַריין און

דער וואָס קוקט ארוים, פארשטייען זיך ניט, פילן זיך ניט איינער דעם אנדערן...

איצט דערקענט ער זיך גוט. אָט זיינען זיינע שווארצע אויגן מיט דעם ווייכן פאר׳חלומ׳טן בליק וואָס געפעלט אזוי שטארק די פרויען וואָס ער איז אין זיי ווינציג פאר־אינטערעסירט. אָט זיינען די צוויי הויכע שטערן־ווינקלען אונטער די שווארצע האָר, וואָס האָבן געהאַט געוועזן גע־נומען ארויסקריכן און האָבן זיך דערווייל אָפּגעשטעלט. און אָט איז אפילו דער באק־צאָן אויף דער לינקער זייט, וואָס דערמאָנט אפט מאָל אז מען דארף אים ארויסנעמען — אז ניט וועט ער ניט אויפהערן ווי טון...

ער האָט גענומען זיין מאַנטל און איז ארויסגעגאנגען.

* * *

מיסעם ליפשיץ, די באַלעבאָסטע פון דער צייטונג, אַן עלטערע פרוי, אַן איינגעשרימפּענע, מיט גיכע דריבנע באוועגונגען, אָנגעטון מיט א פארטוך, איז געשטאַנען ביים „קאונטער״ ווען שאפּירא איז אריינגעקומען אין אָפיס.

אין דער צייט וואָס זי האָט מיט א שאָקל מיט׳ן קאָפּ געענטפערט אף זיין שטילע באגריסונג, איז איר בליק, ווי אומבאוואוסט פאר זיך אליין, געפאלן אפ׳ן זייגער וואָס איז געהאנגען פון אויבן אין א זייט, און זי האָט א טראכט געטון :

— אזוי שפּעט קומט ער ארבעטן...

אָבער געזאָגט האָט זי גאָרניט. און שאַפּירא, וואָס האָט באַמערקט ווי זי האָט א קוק געטאָן אפ׳ן זייגער, האָט א שמייכל געטאָן. ער האָט גראדע הנאה געהאַט דערפון.

בא איהם איז שרה לאה ניט זיין באַלעבאָסטע. ער האָט מיט איר ווינציק וואָס צו טאָן. זי איז פאַר אים אַן אינ־טערעסאַנטער „טיפּ". א טיפּ פון אַן אַמעריקאַנער אידישער פרוי, וואָס כאָטש זי איז די אייגענטימערין פון א ציי־טונג, פירט זי זיך ווי א קרעמערקע פון א קלייט ערגיץ אין א שטעטיל אין רוסלאַנד. אין אַלצדינג מישט זי זיך. א גאַנצן טאָג איז זי אין אָפיס. א סענט איז ביי איר טייער. דאַרף מען געבן א העכערונג אין געהאַלט צו וועמען עס איז פון די אָנגעשטעלטע, קאָסט עס איר א שטיק געזונט.

אין דער אייגענער צייט האָט זי ליב צו געבן נדבות, צדקה, מיט א פולער האַנט. און גראַדע אַף אַזא אופן אַז מ'זאָל דערפון ניט רעדן. מע זאָל דערפון ניט וויסן.

געבן צו די „טשאַריטים" איר טייל מוז זי. מ'האָט איר אַרויפגעשטעלט אַפ'ן צעטל. אָבער די סומע געלט גיט זי ניט גערן. ס'קומט בא איר אויס אַז זי גיט עס צו רייכע מענטשן. זי האָט ליב אַליין געבן צו די וואָס נויטיגן זיך אין הילף, גלייך פון איר האַנט אין די הענט פון די נויט־באַדערפטיקע. דאָס הייסט בא איר אמת'ע נדבה. צדקה.

שאַפּיראָ'ן טוט הנאה וואָס זי איז דאָ די באַלעבאָסטע. צוליב איר איז די גאַנצע ציישונג א באַלעבאַטישקייט. עס פילט זיך די האַנט פון א אידישע סוחר'טע.

— העלאָ, עטל ! — האָט ער באַלד פאַרגעסן אין מיסעס ליפּשיץ און זיך באַגריסט מיט מיסס לעווין, די מיידל וואָס איז געזעסן ביים „סוויטש־באָארד" און געקוקט אַף אים.

— ס'איז פאַר אייך געווען א טעלעפאָן „קאָל", מיסטער שאַפּיראָ, — האָט זי געזאָגט. זי האָט אַרונטערגענומען

פון א הוק א שטיקל פאפיר, אף וועלכן זי האָט געהאַט אָנגעשריבן דעם טעלעפאָן נומער און עס אים איבער־געגעבן.

— „מיסטער שאפיראָ" דאַנקט אייך — האָט ער גע־זאָגט שטילערהייט, ניט קוקענדיג אין דעם פאפירל.

עטל האָט צוערשט געגעבן א שמייכל אָבער באלד איז זי געוואָרן ערנסט און אירע שווארצע אויגן, פרישע, אזוי ווי בא אַ קינד נאָך א געוויין, האָבן געקוקט אף אים גלייכ־גילטיק, נאַאיוו.

אז ער איז געגאַנגען אף די טרעפ אין דער רעדאקציע ארויף, האָט ער געזען פאר זיך איר שמייכל וואָס האָט אָנגעהאלטן אן אויגנבליק און אירע אויגן וואָס האָבן אף אים געקוקט אזוי ווי איבער א ווייטקייט אריבער. פוןביידע האָט ער געפילט גוט. און גוט האָט ער געפילט דערפאר וואָס עטל איז דאָ. א גאנצן טאָג וועט זי דאָ זיין. ביז פארנאכט, ווען זי וועט דארפן אוועקגיין.

און מאָרגן וועט זי ווידער קומען.

* * *

אויבן, אין דער רעדאקציע, האָט שאפיראָ געטראָפן ליפ־קינ'ען, דער פארוואלטונגס־רעדאקטאָר פון דער צייטונג. א הויכער, אין די פופציקער יאָרן, מיט שווארץ־גרויליכע האָר און א פאר ברייטע פלייצעס. ער איז געזעסן אָנגעבויגן, געהאלטן א האלב אויסגערויכערטן סיגאר אין מויל, און עפּיס געשריבן. דערזעענדיג שאפיראָ'ן אריינקומען, האָט ער גענומען רעדן הויך:

— חזרים, סוואָלאָטשעס, נידערטרעכטיגע מענטשן — א חלירע זאָל זיי אלעמען טרעפן. זאָגט אמן!

— וועמען מיינט איר? — האָט שאפיראָ געפרעגט.

— אונזערע קהל'שע קליאַמקעס — האָט ליפּקין געענט־פערט — אָט די וואָס פירן דאָס רעדל פון דעם עפּענטלאכן אידישן לעבן אין שיקאַגאָ; די „טעטיקע טוער" — האָט ער זיך צעוואַרעמט און שוין גרייט געוועזן צו האַלטן א גאַנצע רעדע. — אָט די וואָס קומען אהער מיט די זיידענע קאַפּאָטעס און מיט די ברייטע „טרעטערס" — גיב זיי כבוד. גיב זיי „פּובליסיטי", גיב זיי — א מכה!

שאַפּיראָ האָט שוין געוואוסט אז ער דאַרף ניט פרעגן וואָס זיי האָבן פּלוצים אזוינס געטון. דאָס איז ליפּקינ'ס שטענדיקער געפּיל צו אָט די מענטשן מיט וועלכע ער האָט אַלעמאָל צו טאָן אין די אינטערעסן פון דער ציימונג, און וועמען ער האָט פיינט פאַר זייערע שוואַכקייטן און פאַר זייער מאַכן דעם אָנשטעל אז זיי זיינען וויכטיקע מענטשן. טאַקי אזוי וויכטיק ווי מען שרייבט וועגן זיי...

אָט זאָל ער זיך נאָר אינטערעסירן, וועט אים שוין ליפּקין דערציילן פון די דערפאַרונגען וואָס ער האָט געהאַט מיט אייניקע פון זיי. וואָס דאַרפט איר מער? איר קענט דעם פּרעזידענט פון דער — —

— איר האָט עפּיס נייס צו מאַכן? — האָט שאַפּיראָ א פרעג געטון.

— ס'איז דאָ גענוג — האָט ליפּקין געזאָגט, א נעם טוענדיק די ענגלישע ציימונג מיט די שטיקלאַך נייס וואָס ער האָט פריער אָנגעצייכנט מיט א בלויען בלייַ־שטיפט, — אָט האָט איר איין מעשה, א אידישע, א קיצלדיקע. שוין איינמאָל א מעשה!

ער האָט מיט א שפּילקע דורכגעלעכערט די נייס פון דער ציימונג און געגעבן שאַפּיראָ'ן דעם אויסשניט.

— צוזיט עס! — האָט ער געזאָגט — מאַכט עס גרויס. איך׳ל מאַכן דערצו אַ גרויסע „קאָפּ״.

שאַפּיראָ האָט גענומען לייענען:

אַ אידישער יונגערמאַן איז ארעסטירט געוואָרן. בא אים אין הויז האָט געוואוינט זיין פרוי׳ס אַ שוועסטערל, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף.

די פרוי איז געווען אין אַ קראָם עפּיס איינקויפן. ווען זי איז אריינגעקומען אין הויז, האָט זי קיינעם ניט געטראָפן. פּלוצים האָט זי דערהערט איהר שוועסטערלס פארשטיקטן געשריי. זי האָט גענומען ארומזוכן און איר געטראָפן אין אַ קלאָזעט, מיט איר מאַן.

די שוועסטערל האָט דערציילט, אַז דער שוואָגער האָט איר געסטראַשעט אויפהייגגען ווען זי האָט זיך מיט אַ געשריי אוועקגעריסן פון אים. איר קליידל איז אַף איר געווען צעריסן.

די פרוי איז געוואָרען היסטעריש. גענומען לאַכן, שרייען. זיינען זיך שכנים צונויפגעלאָפן. געזען וואָס סע טוט זיך. גערופן פּאָליציי און דער מאַן איז ארעסטירט געוואָרן.

שאַפּיראָ האָט אָן חשק אָנגעשריבן די נייס. געפילט אַן עקל צו דעם ארעסטירטן מאַן, צו זיך — פאר מאַכן אַ גאַנצע געשיכטע דערפון, און צו די לעזער וואָס וועלן עס מאָרגן לייענען און הנאה האָבן דערפון...

ער האָט פיינט דעגענערירטע מענטשן און קאָן ניט פארטראָגן וואָס דעגענעראציע, שמוץ ווערט „אַף טעלער־לאַך״ צוטראָגן אין דער עפנטלאַכקייט.

אַף זיינע באַציאונגען מיט פרויען, באַזונדערס די פארהייראַטע פרויען, קוקט ער ווי אַף אַ זאַך וואָס איז אונ־

פארמיידלאך און גאנץ פארשטענדלאך. זיי, די פרויען, באזונדערס די פארהייראטע, האָבן אים ליב. ליידנשאפט־לאך ליב. זיירע אייגענע מענער, כאָטש זיי האָבן זיי אפשר ליב, זיינען זיי שוין אָבער נמאס געוואָרן. ער איז פאר זיי א נאַשעריי — נו, זאָלן זיי נאַשן.

ער האָט גענומען א צווייטן אויסשניט און ווען ער האָט דערזען דאָס „קעפּיל" פון דער נייס, האָט ער גלייך א כאַפּ געטאָן א סיגארעט און פארויכערט, ווי זיין טבע איז אלעמאָל, ניט דורכלאָזן א גוטע זאך צו לייענען, אָן א סיגארעט.

עס איז געווען באשריבן וועגן א לופט פליער, א נאָרד־וועגישער פאָרשער, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט פליען צום נאָרד־פּאָל און די לעצטע נייס איז אָנגעקומען אז ער איז שוין אין דעם וויטן דרום, אין דעם קאלטן גרינלאַנד.
פליען —

דאָס איז שאפיראָס באליבט וואָרט.

בא זיך ווייסט ער, אז ער וועט קיינמאָל ניט האָבן קיין קוראזש ארייננזעצן זיך אין אן עראָפּלאָן. כאָטש ער איז נאָך יונג, זעקס און צוואנציק יאָר, דוכט זיך אים אָבער אז אף אזעלכע געוואגטע זאכן איז ער שוין צו אלט און אָפּגעלעבט. ער וועט זיך קיינמאָל ניט קענען דערהויבן.

אָבער דאָס פליען איבער ווייטע לענדער האָט פאר אים אזא צוציאונגס־קראפט, אז דאָס איז זיין אידעאַל.

מענטשן הויבן זיך אויף פון זייער נידריגקייט, פליען אוועק פון זייער איינגעזעסנקייט, זיינען יעדע מינוט אין

שאָטן פון טויט און זיי טראָגן זיך צו די הויכקייטן און איבער לענדער ווייטע, אומבאקאנטע.

ער האָט געלייענט די נייס פון דעם לופט־פליער וואָס האָט זיך צום נאָרד־פּאָל אוועקגעלאָזט, געלייענט אז א רעפּאָרטער פון א נאָרוועגישער צייטונג פליט מיט'ן לופט־פליער אין זיין עראָפּלאַן, צו באשרייבן פאר זיין צייטונג די איינדריקן פון דער רייזע, און א קנאה האָט אים אָנ־געכאַפּט אפ'ן רעפּאָרטער.

יענער רעפּאָרטער דאָרטן פליט צום נאָרד־פּאָל און ער שרייבט איבער פון אַן ענגלישע צייטונג די נייס אז יענע פליט...

ער איז געזעסן פארטראכט, זיך פאָרגעשטעלט די ווייסע ליכטיקע נעכט אין דעם קאלטן דרום־לאַנד ; ווי דער לופט־פליער און דער רעפּאָרטער פליען איבער גרינלאַנד, איבער די אייז־בערג וואָס געפונען זיך אין לאַנד פון אייביקן ווינטער.

ס' האָט אים א צי געטון צו יענעם אומבאַקאַנטן לאַנד און ער האָט געזען זיך אין דער פאנטאַזיע ווי ער פליט מיט מיט זיי. אָט זעט ער די ווייסע ליכטיקע נעכט מיט זייער גאַנצער שיינקייט און מיסטישקייט און מיט אים פליט מיט עטל. אירע האָר צעלאָזט. די אויגן שארפע, די גאַנצע מורא און וואונדער איז אין זיי באהאַלטן. זי איז אינגאַנצן אונטער דעם טיפן איינדרוק פון די נאַטור־וואונדער.

— אַנטשולדיגט, — האָט ער דערהערט א קול נעבן זיך. ער האָט זיך אומגעקוקט. דערזען א מאַן אַן אומבאַ־קאַנטן, מיט א ביכל אין האַנט. דער מאַן האָט ניט אויפ־געהערט צו קוקן אף אים.

— אָבער איר כאַפּט אַזוי שטאַרק דעם אַנבליק פון לוריע׳ן, — האָט ער ענדליך עפּיס געזאָגט.

דער נאָמען לוריע איז צו שאַפּיראָ׳ן געווען באַקאַנט. ער ווייסט אַז אַ צייט איידער ער איז אָנגעקומען אין דער צייטונג, האָט דאָ מיטגעאַרבעט אַ רעפּאָרטער מיט דעם נאָמען. אַ לעב־יונג וואָס איז יונגערהייט געשטאָרבן.

— וואָס טוט מען מיט זיינע ביכלאַך ? — האָט דער מאַן געפרעגט און געוויזן אויף דעם ביכל וואָס ער האָט מיט אָפּגעהיטקייט געהאַלטן אין האַנט.

שאַפּיראָ האָט בײַ אים גענומען דאָס דינע ביכל, אַ בלעטער געטון און דערזען לוריע׳ס בילד. אַ יונגער פּנים מיט געדיכטע, שוואַרצע האָר און ווייכע גרויסע אויגן.

שאַפּיראָ האָט געבעטן דעם מאַן זיך אוועקזעצן.

— וואָס מיינט איהר: וואָס טוט מען מיט די ביכלאַך ? — האָט ער געפרעגט — און איך ווייס אין אַלגעמיין זייער ווינציק וועגן אָט דעם לוריע׳ן.

— ווי אַזוי זאָלט איר וויסן ? — האָט דער מאַן אים אָפּגעגעבן געענטפערט — געשטאָרבן. באַגראָבן. פאַרגעסן. אַז איך קוק איצט אויף אייך, דאַכט זיך מיר, ס׳ איז ער, לוריע מיט די ביינער.

שאַפּיראָ איז שטאַרק פאַראינטערעסירט געוואָרן. געווען אַ יונגער צייטונגס־שרייבער, איז ער געשטאָרבן און פאַר־געסן געוואָרן. אפשר אויף דעם ביינקל איז ער געזעסן און בײַ דעם שרייב־טיש וואָס ער.

און איידער ער האָט געבעטן דעם מאַן ער זאָל אים דערציילן וועגן לוריע׳ן, האָט שוין יענער אַליין דערציילט :

— געווען אַ בחור, לוריע. אַ שרייבער, אַ רעפּאָרטער געווען. אָט דאָ אין דער צייטונג געאַרבעט. אַ שיינער

יונג געווען. איז ער פרויען שטאַרק געפעלן און ער איז אַלעמאָל אין פרויען געזעלשאַפט געווען. פאַרבראַכט מיט זיי אין קאַבאַרייען, אין קינסטלער־קלובן. גאַנצע נעכט אויפגעווען. בייטאָג האָבן מיידלאַך און פרויען אים גע־האַלטן אין איין אָפּרופן.

די לעזער פון דער צייטונג האָבן זיין שרייבן געלייענט מיט הנאה. ער האָט געשריבן מיט האַרץ. שטימונגען. גע־שריבן פון ליבע, פון בייִנקשאַפט און ווייטע צילן ניט דערגרייכטע.

לוריע דער מענטש און לוריע דער שרייבער זיינען זיך געווען, קען מען זאָגן, צוויי באַזונדערע פּערזאָנען. אין לעבן — אַ צופרידענער, אַ מענטש וואָס נעמט אַלץ וואָס ס'קומט אים, ס'אַרט אים ניט פאַר שוואַכע, לאָזט איבער גערעכ־טיגקייט פאַר אַנדערע. אין זיין שרייבן — אַן אומצופרי־דענער, אַן אומרואיקע נשמה. אַ מענטש וואָס האַלט אין איין זוכן דעם זין פון לעבן און דעם אמת.

שאַפּיראָ האָט ניט געוואוסט ווער דער מאַן איז וואָס זיצט נעבן אים. אָבער זיין ריידן האָט אים דערנענטערט, און ווען ער איז געווען אַזוי פאַראינטערעסירט אין דער לעבנס־געשיכטע פון לוריע'ן, האָט אים אויך שטאַרק אינ־טערעסירט דער דערציילער.

— און איינמאָל — האָט דער מאַן ווייטער דערציילט, און שאַפּיראָ'ן האָט זיך געדוכט אַזוי ווי יענער וואָלט אַ מעשה פון אַ בוך אַרויסגעלייענט — איינמאָל איז אים מיט אַ מאָל נמאס געוואָרן דאָס לעבן אין שיקאַגאָ, די אַרבעט אין דער צייטונג, די בעקאַנטע, דער גאַנצער קרייז וואָס ער האָט אין אַ זיבן־אַכט יאָר זיך געפונען — אַלץ איז אים געוואָרן דערעסן און ער איז אוועקגעפאָרן קיין נויאָרק.

ווי אזוי ער האָט זיך געפילט אין נויאָרק, ווייסט מען ניט. מען האָט פון אים ניט געהערט. אָבער אז ס׳ זיינען אריבער א פּאָר חדשים, האָט מען זיך דערוואוסט אז ער איז געוואָרן דער „סיטי עדיטאָר״, דער נייס־רעדאקטאָר אין דער גרעסטער אידישער צייטונג.

א פּאָר וואָכן איז ער דאָרטן אָפּגעווען און איין טאָג האָט די צייטונג אין א שווארצער ראַם געמעלדעט די נייס : לוריע איז געשטאָרבן. פון א האלז קראנקהייט, אָדער וואָס. מעגלאך אז דערצו האָט געבראכט זיין אומנאָרמאַלער, צו רוישיגער לעבן.

דאָ אין שיקאַגאָ, האָט די נייס פון זיין טויט פאראור־זאכט אן אמת׳ן טרויער צווישן זיינע באַקאַנטע. אױף דער הייסער מינוט האָט מען צונויפגעקליבן א סומע געלט און מ׳האָט זיין קערפּער אראָפּגעבראכט אהער. אים באַ־ערדיקט. א גרויסע לויה געווען.

און דעמאָלט האָבן זיינע נאָענטע פריינט געוואָלט פאר־אייביקן זיין נאָמען, ס׳זאָל ניט פארגעסן ווערן דער נאָמען לוריע. א ליטעראַרישער קרייז, וואו ער איז געווען א מיטגליד און געהאָלפן אים גרינדן, האָט צונויפגעקליבן זיינע שריפטן וואָס זיינען געווען געדרוקט אין דער צײ־טונג. א פּאָר מענטשן האָבן איבערגענומען די רעדאקציע, צו אויסקלויבן וועלכע זאכן אריינגעבן אין דעם בוך.

ביז דער בוך מיט לוריע׳ס שריפטן איז ארויס פון דרוק, איז דער ליטעראַרישער קרייז זיך צעפאלן געוואָרן. און ווען דאָס ביכל איז דערשינען, איז שוין ניט געווען ווער ס׳זאָל זיך אָפּגעבן דערמיט אױף צו פארשפרייטן עס. די נאָענטע גוטע פריינט האָבן שוין געהאט אַנדערע ווערטער, ווען מ׳ האָט זיי געפרעגט פארוואָס זיי טוען גאָרניט פאר׳ן בוך.

— ס'עט זיין גוט אַן א בוך אויך — האָבן זיי געזאָגט — דער גרויסער שרייבער וואָס ער איז געווען !?...

איין גוטער פריינט זיינער איז געווען וואָס האָט די ביכלאך ארויסגענומען פון דרוק. אביסעל צעטיילט און דאָס איבעריקע אריינגענומען צו זיך.

— טאקע ביי מיר אין הויז האָט ער געוואוינט — דערציילט דער מאַן שאפּיראָ'ן — א יונגער מאַן א למדן, א ראדיקאַלער מענטש. א ליבהאָבער פון אידישע און העברייאישע ליטעראטור. אָבער — איך מוז עס אייך דערציילן, ווייל ס' האָט צו טון מיט לוריע'ס ביכלאך — די פרוי זיינע האָט ער ניט ליב געהאַט... ער האָט זיך פארליבט אין א מיידל. שפּעטער האָט ער די פרוי און קינדער פארלאָזט און ער איז מיט דער געליבטער ערגיץ אוועק. די פרוי איז דאָ דערווייל מיט דער צייט געשטאָרבן. פון קראנקהייט, הארץ-ווייטיק, צי די יאָרן האָבן זיך איר אויסגעלאָזט, און די קינדער האָט די משפחה צוגענומען. ס'איז געוואָרן אויס פון דער פאמיליע.

— נאָר לוריע'ס ביכלאך ליגן אין קעלער — פארענדיקט דער מאַן זיין געשיכטע — עטלאכע הונדערט ביכלאך וואלגערן זיך ארום. אז איך זע זיי, רייסט מיר ס' הארץ. ס' איז דאָך עפּיס ווערט... ס' איז דאָך עפּיס א מענטשנ'ס מי, א מענטשנ'ס לעבן און נשמה אין זיי. איז ווייסט איר, אפשר, וואָס מען טוט מיט זיי?

שאפּיראָ האָט ווידער גענומען דאָס ביכל בא דעם מאַן וואָס האָט עס אזוי ווי מורא געהאַט ארויסלאָזן פון דער האַנט. ער האָט געקוקט אפּ'ן בילד פון דעם וואָס איז מיט עטלאכע יאָר צוריק געווען יונג, גוט באקאנט און פּאָפּולער צווישען זיין קרייז, און איצט איז ער א פאר־

געסענער ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען, און ער האָט א טראכט געטאָן:

— דאָס אייגענע וועט אפשר זיין מיט מיר. אָבער אז איך וועל שטאַרבן, וועט קיינעם אין געדאנק ניט ליגן צו אָפּדרוקן מיינע זאכן. וואָס שרייב איך דען?

און דאָס האָט אים בארואיקט, פארגרינגערט זיין שווערן געמיט.

— צוטיילט אביסל ביכער צווישן אייערע באקאנטע — האָט ער געזאָגט דעם מאַן — און דאָס איבעריקע ווארפט ארויס. פארברענט עס.

דער מאַן האָט אויף שאפּיראָ׳ן א מאָדנעם פארדעכטיקן קוק געטון. געמיינט אז דאָס איז פון גרינגשאצונג צום פארשטאָרבענעם קאָלעגע, וועלכן ער האָט ניט געקענט. האָט ער א כאַפּ געטאָן לוריע׳ס ביכל פון שאפּיראָ׳ס האַנט און איז א ברוגז׳ער אוועקגעגאַנגען.

זיין ברוגז ווערן האָט שאפּיראָ׳ן הנאה געטאָן. דאָס האָט אים געוויזן אז אָט דעם אידן איז נאָך אלץ טייער דער אָנדיינק פון דעם פארשטאָרבענעם רעפּאָרטער און ער נעמט זיך אָן פאר זיין כבוד. ער איז נאָך ניט אינגאנצן פארגעסן געוואָרן. בא איינעם איז ער טייער, ווי ער וואָלט נאָך געלעבט.

אין דער רעדאקציע איז אריינגעקומען קאפּלאַן. א הויי־כער, אביסל אָן איינגעבויגענער, מיט ברילן איבער די שארפע אויגן, און די לאַנגע הענט אָפּגעלאָזט אויף גאָט׳ס בארג, ווי נאָכגעהאנגענע.

— וואָס עפּיס אזוי פינצטער און אזוי שטיל דאָ? — האָט ער געפרעגט און ארומגעקוקט זיך איבער׳ן צימער. ער האָט אויפגעדרייט די עלעקטריק און זיך געלאָזט גיין

צו זיין שרייב-טיש, באם אויבערשטן ווינקל נעבן פענצטער. גייענדיק, האָט ער דערווייל געגעבן צו וויסן:

— די פּרימאַדאָנע וועט גיין. ס' איז שוין באשטימט.

ניט שאפּיראָ און ניט ליפּקין, און ניט די אַנדערע צוויי שרייבער, גרינשטיין און אינדרין, וואָס זיינען פריער געווען אריינגעקומען און זיך אוועקגעזעצט בא זייערע שרייב־טישן, האָבען אפילו אויסגעדרייט די קעפּ א קוק צו טאָן אף קאַפּלאַנ'ען. זיי וויסן שוין לאַנג, אַז ווען קאַפּלאַן רעדט, מוז עס זיין פון אידישן טעאַטער. קיין אַנדער זאַך אינטערעסירט אים ניט אזוי ווי דער טעאַטער. ס' איז זיין גייסטיקער לעבענס־אינטערעס.

קאַפּלאַן איז פריי פון שרייבן נייס אין דער צייטונג. ער שרייבט יעדע וואָך אַן ערנסט אַרטיקל וועגען ערנסטע וועלט־געשעענישען, א פעליטאָן וועגן וואָס ס'לאָזט זיך און יעדן פרייטיק פילט ער אויס די טעאַטער זייט.

די טעאַטער אַרטיקלען און די נייס און נאָטיצן וועגן אידישן טעאַטער זיינען בא אים דער עיקר פון זיין שרייבן.

אַ נאָטיץ אַז אַ געוויסער אַקטיאָר אָדער אַקטריסע וועט אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן אַן ערן־אָוונט אין טעאַטער, שרייבט קאַפּלאַן אָן מיט אזא אָפּגעהיטקייט און מיט אזא פלאַם, אַזוי ווי ער האָט אַמאָל אין די יונגערע יאָרן געשריבן לירישע לידער.

— קומט, איר גייט? — האָט אים שאַפּיראָ אַ פרעג געטאָן ווען ער האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אַנידערגעזעצט.

— יע, קומט — האָט ער זיך אויפגעהויבן און גרייט געווען צו גיין מיט אים. ער האָט זיך אָבער באַלד אַ כאַפּ

געטון — איך בין דאָך געקומען אהער שרייבן אַן אַרטיקל. וואָס איז דער שכל, גיין?

שאַפּיראָ איז אַרונטערגעגאַנגען.

אונטען אין אָפּיס, איז געשטאַנען עטל — אַן אָנגע־טוענע, גרייט אַף אַוועקגיין.

— איר האָט גאָרניט אָפּגערופן? — האָט זי אים גע־פרעגט און אויסגעמידן די ווערטער „מר. שאַפּיראָ".

— וועמען?

— איך האָב דאָך אייך איבערגעגעבן אַ „קאָל" פון אַ פרוי וואָס האָט געבעטן איר זאָלט איר אָפּרופן — האָט עטל געזאָגט, און אין אירע ווערטער איז געווען אַ נייגעריקייט, אַ באַהאַלטענער שטאָלץ.

שאַפּיראָ האָט זיך דערמאָנט אין דעם צעטעלע וואָס זי האָט אים פריער געגעבן.

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך האָב ניט גערופען? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס — האָט זי מיט זיכערקייט געזאָגט.

כאָטש זי איז געשטאַנען נעבן אים אַזוי נאָענט און אַזוי אומשולדיג געקוקט אַף אים מיט אירע אויסגעלייי־טערטע נאַאיווע שוואַרצע אויגן, און אירע ווערטער זיינען געווען פריינטלאַכע, האָט ער אָבער געפילט ווי ער וואָלט דאָ געשטאַנען נעבן אַ ריזיקע קראַפט, אַן אומברחמנות'־דיקע, אַנטקעגן וועמען ער איז אינגאַנצן מאַכטלאָז.

אַזוי ווי זי איז דאָ נעבן אים — האָט ער מיט אַלע חושים געפילט — איז זי גאָר ווייט־ווייט אין אירע געדאַנקען פון אים. און אויב אירע אויגן זיינען אַזעלכע

נאיווע, געטריי איבערגעגעבענע, איז אָבער אויך דאָ אין זיי עפּים אַזוינס וואָס גלאַנצט מיט קאַלטקייט צו אים, מיט פּרעמדקייט.

ער האָט דאָס געפילט און געווען באַליידיקט. ס'איז אים אַרויפגעקומען אין געדאַנק זיין דערפּאָלג וואָס ער האָט ביי אַזוי פיל פּרויען. ער האָט איצט ניט געוואָלט באַהערשט ווערן פון איר. האָט ער געזאָגט:

— איר גייט דאָך ניט מיין וועג. אַ גוטע נאַכט, עטל!

— אַ גוטע נאַכט, טשאַרלי! — און זי איז אַף אַ ווייל געבליבן שטיין. אים נאָכגעקוקט.

* * *

שאַפּירא איז געגאַנגען צו בלום'ס קאַפּיי, דאָס פּלאַץ וואו אידישע צייטונגס־שרייבער און אַקטיאָרן און אַלערליי קהל'שע מענטשן קומען זיך צונויף.

בא איינעם פון די צוויי גרויסע ליכטיקע שוי־פענצטער פון דעם רעסטאָראַן, וואו ס'איז אינעווייניג געווען אָנגע־שטעלט זיסע געבעקס און פּרוכטן, איז געשטאַנען אַן איטאַליענישער איינגעלע מיט אַן אויסגעשמירט פּנים'על און שוואַרצע אויגלאַך און האָט אַריינגעקוקט אינעווייניג. די גרויסע ליכט וואָס האָט פון דאָרט אַרויסגעשלאָגען, האָט אים געצויגען צו זיך. ער האָט געטראַכט אַז באַלד וועט ער דאַרפן גיין שלאָפן אין אַ פינסטערן צימער מיט זיין יונגערן ברודערל. און דאָ איז אַזוי ליכטיק און ס'זיינען דאָ דאָ אַזויפיל מענטשן. איז ער געשטאַנען אַ ווייל, איינגעזאַפּט אין זיינע שוואַרצע אויגלאַך די העלע ליכטיקייט, און זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ לאָז־אַוועק, אַזוי ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן פון דאַנען.

ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט שאַפּיראָ׳ן און זיך א בוצקע געטון אין נעזיל. האָט ער געגעבן א לאַך פון דעם בוצקע, וואָס איז אים אויסגעקומען פּונקט אזוי ווי ער האָט אַמאָל געזען א שבת באַטאָג אין א קאָמישער „מואווינג פּיקטשור", און ער איז זיך אוועקגעגאנגען זיין וועג, אהיים.

אז שאַפּיראָ איז אריינגעקומען, האָט ער בא איינעם פון די ערשטע טישלאַך, רעכטס, באַלד באמערקט דעם אַלטן באַנקיר, האָרנשטיין, מיט׳ן ווייסן קאָפּ האָר און קליינע גרויע אויגן.

— מיר דאַרפן אייך טאַקי דאָ האָבן — האָט האָרנ־שטיין א רוף געטון שאַפּיראָ׳ן צום טיש, ריידנדיק מיט אַן אויסגעצויגענעם געפּעסטעטן קול.

נעבן אים איז געזעסן סאָניע קליין, א מיידל א צוגע־לאָזטע מיט פארזשמורעטע אויגן ווי די זון וואָלט שטענ־דיק געווען אנטקעגן זיי, און הערמאַן פּאָלין, א געוועזענער מענעדזשער פון א אידישן טעאַטער, וואָס ער האָט אים „גאָט צו דאנקן אויפגעגעבן" און איז געוואָרן אַן אייגנ־טימער פון א מואווי טעאַטער.

האָרנשטיין האָט געהאַלטן אין צושניידן זיין פּאָרציע פלייש אף קליינע שטיקלאַך.

— מיר רעדן דאָ וועגן גייסט, וועגן נשמה — האָט ער געזאָגט צו שאַפּיראָ׳ן, רעדענדיג אף זיין שטייגער פּאוואָליע און אויסגעצויגן, און ס׳ איז געווען שווער צו וויסן אויב ער מיינט ערנסט וואָס ער זאָגט, אָדער ער רעדט מיט אַ טאָן פון חוזק — מיסס קליין זאָגט, אז אמעריקע איז אַן אויסגעפּאשעט לאַנד, א גראָביאַנסקע;

עס פעלט איר א נשמה. און איך זאָג, אז ס׳ האָט יאָ א נשמה. א גרויסע נשמה. וואָס זאָגט איר?

א מאָדנעם, געמישטן געפיל האָט שאפּיראָ צום אלטן האָרנשטיין. עס פארדריסט אים פארוואָס יענער איז אזוי צופרידן פון אלצדינג. אפילו אָט אין זיין שניידן ס׳ פלייש פילט זיך א צופרידנקייט: ער שניידט און וועט עסן און וועט הנאה האָבן... און אין דער אייגענער צייט פילט ער צו אים א רעספּעקט. ניט אזוי צוליב זיין אייגענע אלטקייט און דערפארונגען אין לעבן, ווי דאָס וואָס אין אים ווערט פארקערפּערט א פערציק יאָר אידיש לעבן אין אמעריקע. ער איז געוואקסטן אין דער סביבה און געהאָלפן שאפן אן אייגנארטיקן אידיש־אמעריקאַנער לעבן.

— וועגן אמעריקע דארפט איר בא מיר ניט פרעגן — האָט אים שאפּיראָ געענטפערט — איר קענט דאָס לאנד א סך לייננער, און דערפאר בעסער ווי איך.

— אָט דאָס פארדריסט מיר טאקע — האָט זיך סאָניע אָפּגערופן — דערפאר וואָס ער קאָן דאָס לאנד אזוי גוט, האָט ער געדארפט וויסן אז ס׳ פעלט דעם א נשמה. ס׳ איז גייסטיק אָפּגעשטאנען. ס׳ איז ניטאָ דאָ דאָס פאר־ביינקטקייט, דאָס פארחלומ׳טקייט, דער שטילער טרויער פון א רוסלאנד.

אָט די ווערטער האָט שוין שאפּיראָ אזוי פיל מאָל געהערט פון סאָניע׳ן, אז אף צו להכעיס איז ער מיט איר ניט איינפערשטאנען. ס׳ דאכט זיך אים אז ניט זי פילט אזוי, נאָר אזוי האָט זי איינמאָל געזאָגט, וועט זי עס שוין זאָגן און זאָגן.

ער האָט געוואָלט פארדרייען דעם געשפּרעך אין אן

אנדער זייט, און ער האָט זיך געווענדט מיט א פראגע צו פּאַלינ'ען, וואָס איז געזעסן ווי יאָ פאראינטערעסירט, און ניט פאראינטערעסירט, און ווי אָט כאַפּט ער גאָר א דרעמל:

— וואָס מאַכן עפּיס די „טרעמפּס" אין אייער טעאַטער?

— אז אָך און ווי איז זיי! — איז פּאַלין געווען צופרידן וואָס ער קאָן ארויסווייזן מיטלייד, רחמנות אויף עמיצן — אָדער זיי זיצן אַפּ פּאָר צען סענט שטונדן לאַנג אין טעאַטער, אָדער זיי שלעפּן זיך ארום אויף מעדי־סאָן סטריט.

— אָט זעט איר — האָט סאָניע זיך א כאַפּ געטון — איר זעט, מר. האָרנשטיין: דאכט זיך דיזעלבע אומ־גליקלאכע מענטשן, איז אין רוסלאַנד איז אזעלכער א בראָדיאגא, א וואגאבונד, א וואנדערער, א הײמלאָזער. עס דערמאָנט אין סטעפּעס ווייטע, ברייטע. און דאָ איז אזעלכער פשוט א טרעמפּ. אן אָפּגעריסענער. אן אָפּגע־שליסענער. ניטאָ פון וועמען צו ריידן.

ווען זי האָט גערעדט, האָט שאפּיראָ זיך אומגעקוקט צום צווייטן טישל. רעי ראָזענבערג, א פרוי פון א יאָר עטלאכע און פערציג וואָס האַלט פשוט מיט צוואנגען אָן איר אַמאָליקע שיינקייט, איז געזעסן מיט איר מאַן, א רייכער פאבריקאַנט, וואָס איז משונה'דיג פעט און סטאַ־רעט זיך זייער צו זאָגן גראָבע וויצן וואָס זאָלן געפעלן. פריער האָט זי זיך מיט שאפּיראָ'ן באגריסט און נאָכדעם האָט זי גאַנץ געשיקט, דער מאַן זאָל ניט באמערקן, א וואונק געטאָן צו אים מיט אן אויג, ער זאָל צוקומען און זיך אוועקזעצן בא איר טישל.

שאַפּיראָ האָט זיך מיט אַן אַנטשולדיגונג אויפגעהויבן פון זיין טישל און איז צוגעגאַנגען צו זיי.

— העלאָו, מר. ראָזענבערג! — האָט ער דעם מאַן געגעבן די האַנט — וואָס טוט איר עפּיס בא די קבצנים?

— איך האָב זיך פאַרביינקט נאָך אייך — האָט יענער אַ קוק געטון אויף זיין פרוי, וועלנדיג זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין ענטפער מאַכט אויף איר — זעצט זיך אַוועק. איר ווילט אפשר אַ שנעפּסל?

רעי האָט זייער געוואָלט אַז שאַפּיראָ זאָל טרינקען. אַ ניכטערער, האָט זי געפילט, וועט זי פאַר אים קיין אינטערעס ניט האָבן. אַז איר מאַן האָט פון זיין הינטערשטער הויזן־קעשענע אַרויסגענומען אַ ברייטע פלעשל שנאַפּס און געוואָלט אַריינגיסן אביסל אין אַ קליין גלעזל, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס גלעזל, אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט און אים געגעבן אַ גרויסע גלאָז פון וואַסער.

— גיס אים אָן אַ סך — האָט זי געזאָגט צום מאַן — מאַך אים שכור.

שאַפּיראָ'ן האָט עס ניט געאַרט. ער האָט צוטרוי צו מר. ראָזענבערג. ער ווייסט אַז ער קאָן זיך פאַרגינען קויפן גוטן שנאַפּס, ניט קיין „מונשיין". איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

— ס' איז דאָך מסתמא פאַר מלחמה'דיקע? — האָט ער אַ פרעג געטון מר. ראָזענבערג'ען, וויסנדיג אַז דערמיט האָט ער אים באַלד אויף זיין זייט.

— נו, וואָס דען? — איז ראָזענבערג געווען צופרידן וואָס שאַפּיראָ ווייסט מיט וועמען ער האָט צו טאָן — אַ ברירה האָט מען?

און אז שאפּיראַ האָט אויסגעטרונקען וואָס ס׳ איז געווען אין דער גלאָז און א קוק געטון אױף רעי׳ן ווי אירע אויגן קוקן צו אים מיט אזוי פיל איבערגעגעבנהייט און ליידנשאפט, וואָס זי פּריוועט אפילו ניט באהאלטן פון איר מאַן, האָט ער פארלאָרן דעם ווארעמען געפיל וואָס ער האָט צו איר אָפּטמאָל.

אין זיינע אויגן איז זי איצט געווען א רייכע, שטענדיק זאַטע פרוי, אָן שום זאָרגן, מיט איבעריק לייב אױף זיך. אן „אַלרייטניצע" וואָס איז געקומען אהער פון איר רייכער היים צו האָבן דאָ א „טריל", צו דערוועקן אייפערזוכט באַ איר מאַן און אַביסל איבערבייטן איר סביבה.

וואָס וויל זי פון אים, א שטייגער?

— נו, ווי געפעלט אייך ס׳ ביסל שנאַפּס? ס׳ וואַרעמט, הא? — האָט מר. ראָזענבערג געפרעגט.

און שאפּיראַ האָט אין דעם טאָן פון אָט די ווערטער געהערט עפּיס א מין בעטן זיך: זייַ א גוטער ברודער...

דער געפאַלענער און פריינטלאַכער אויסדרוק אױף ראָזענבערג׳ס געזיכט האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אז ער זאָל זיך ניט שעמען, וואָלט ער איצט געזאָגט צו שאפּיראָ׳ן אזוי:

— לאָז צורו מיין ווייבל, איך בעט דיר... איך ווייס אז דו ביזט יונג און שיין און איך ניט. איך בין פעט. איך בין אַלט. איך האָב א ליסיניע אפ׳ן קאָפּ. מיין ווייבל שארט זיך צו דיר, און איר קערפּער געפעלט דיר. זי איז אָבער מ י י ן ווייבל. פיל מיין לאגע און האָב רחמנות...

כאָטש שאפּיראָ האָט זיך עס נאָר פאָרגעשטעלט אין

דער פאנטאזיע אז ראָזענבערג וויל עס אים זאָגן, איז עס אים אָבער אויסגעקומען אזוי בילדלאך און אזוי קאָמיש אז ער האָט זיך צולאַכט.

— גאָט איז מיט אייך, טשארלי! — האָט מרס. ראָזענבערג אים געפרעגט מיט פארוואונדערונג און אביסל מיט שרעק — אזוי שכור זיינט איר?

— ס׳ ווייזט אוים — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין דעם גרייטן תרוץ וואָס האָט אים ארויסגעבראכט פון א פארלעגנהייט. פון אונאַנגענעמליכקייטן.

ס׳ האָט אים שוין באנג געטאָן וואָס ער איז איצט אריינגעקומען אהער. אָבער ער קאָן זיך ניט באגיין אָן אָוונט אז ער זאָל אהער ניט קומען. אז ער וויל גיין ערגיץ אנדערש, באשליסט ער דאָס פריער בא זיך. דאָ קומט ער אָן א באשלוס און אפילו געגן זיין ווילן. ער פילט ווי עס וואָלט געווען א טייל פון זיין היים, א טייל פון זיין ארבעט.

אָבער אז ער קומט אהער און זיצט דאָ אָפּ אביסל, הויבט ער זיך אָן נודיען. כמעט אלע טאָג דיזעלבע מענטשן, און, ווי אים דאכט זיך, ווערן דאָ דיזעלבע ווערטער גערעדט יעדן אָוונט.

נאָר אוועקגיין, גייט ער ניט. ס׳איז דאָ פאָרט דאָס ווינקל וואו ער פילט א געוויסן אינטערעס. עס איז זיין קרייז, צי ער האָט ליב די מענטשן דאָ, אָדער ניט.

אמאָל האָט ער עטל׳ען געבעטן אז זי זאָל קומען מיט אים פארברייינגן אביסל אהער, צו בלום׳ס, האָט זי אים אָפּנהארציק געזאָגט, אז זי האָט פאר דעם פלאַץ קיין שום אינטערעס ניט.

— וואָס וועל איך דאָרט טאָן? — האָט זי אים געפרעגט.

— איר ארבעט דאָך אין א אידישע צייטונג, — האָט ער געוואָלט ווירקן אַף איר אז זי זאָל זיך ניט האלטן אזוי פרעמד צו זיין קרייז, און דערמיט וועט זי זיך שוין דערנענטערן צו אים.

— איך לייען ניט די צייטונג... — האָט זי אים געגעבן דעם שטאַרקסטן ענטפער וואָס זי האָט געהאַט, אַף זיין באמערקונג. און כאַפּנדיג זיך באלד אז זי האָט אים ווייי געטאָן, האָט זי צוגעגעבן מיט א שמייכל: — איך לייען נאָר אייערע ארטיקלען, טשארלי...

אין דעם מאָמענט איז שוין שאפּיראָ זיך אליין ניט געלעגן אין זינען. אירע ווערטער זיינען געוואָרן פאר אים א פּראבלעם. א וואונדער פון דער צייט אין וועלכער ער לעבט.

אָט איז א אידישע מיידל וואָס רעט און שרייבט און קאָן לייענען אידיש. ארבעט זי אין א אידישער צייטונג און גיט אזוי אָפּנהארציג צו אז זי לייענט ניט די צייטונג. זי פילט ניט קיין נויט דערפאר.

עטל האָט דורך זיין בליק אויפגעכאַפּט זיין געדאנק. איר מינע איז געווען ווי פון א פארשולדיקטע וואָס ווייסט אז זי איז באגאנגען אן עולה. זי קאָן זיך אָבער ניט העלפן.

און ווי זי וואָלט וועלן צוגעבן נאָך מער קוריאָזיטעט, אויסשעפּן פאר אים דעם גאנצן וואונדער, האָט זי מיט איר געוויינלאכן, מער נאַיוון ווי הנאה׳דיקן שמייכל, נאָך צוגעגעבן:

— און פארגעסט ניט אז איך בין אמאָל געגאנגען אין א נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול. געווען אָנגעזאַפּט מיט דעם אידישן גייסט. איר האָט מיר אַמאָל געדארפט הערן דעקלאַמירן אידישע לידער!

עטל.

איז אים דען אן אונטערשיד וואָס עס איז געווען איר אַמאָליקער גייסט און וואָס עס איז איר איצטיקער? און ווייסט ער דען אייגנטלאַך אפילו וואָס אין איר רופט אין אים ארויס אזא ווארעמען געפיל און דערהויבט איר העכער ווי די אנדערע פרויען וואָס ער קאָן?

עס איז ניט איר קערפּערלאַכקייט. זיכער ניט. ער טראַכט גאָר קיינמאָל ניט פון איהר פרוי־וועזן. ער האָט נאָך, דאַכט זיך, ביז איצט אפילו ניט אָנגעקוקט גוט איר געשטאַלט, דעם געבוי פון איר קערפּער. ער זאָל זי דאַרפן פאַר עמיצן שילדערן, וואָלט ער זיך ערשט גע־דאַרפט דערמאָנען ווי אזוי זי קוקט אויס...

כאָטש זיינע אויגן זיינען שאַרפע, כאַפּן ניך אויף דאָס אייגנאַרטיקע פון א פרוי, יעדע פרוי, יעדער מיידל וואָס האָט אין זיך א געוויסע שיינקייט, א געוויסע צוציאונג, ווערט פון אים באַמערקט בא דער ערשטער באַגעגעניש. באַם ערשטן בליק. ער כאַפּט באַלד אויף דאָס כאַראַק־טעריסטישע אין איר.

עטל׳ס קערפּערלאַכקייט איז פאַר אים א פרעמדע זאַך.

און עס איז ניט אירע געדאַנקען, אירע אַנשויאונגען וואָס ציט אים אזוי שטאַרק צו איר. קיין גאַנצן גע־שפּרעך האָט ער נאָך מיט איר ניט געהאַט. ער ווייסט אז איר לעבן איז אַנדערש ווי זיינס, איר קוק אַפּ׳ן לעבן איז אַן אַנדערער.

אָבער — ווער איז אים נאָך אזוי נאָענט ווי זי?

ער דערמאָנט זיך אז ער איז אוועקגעגאנגען פון א טישל, ווי ער וואָלט ערגיץ געגאנגען, און דאָ שטייט ער אליין א פארטראכטער. מר. און מרס. ראָזענבערג קוקען אים אפשר נאָך די גאנצע צייט. ער איז דערפאר צוגע־גאנגען צום ערשטן טישל נעבן אים, צו קאַמינסקי'ן און זיך אוועקגעזעצט.

— אָט אזוי ביזטו א מענטש! — האָט אים קאמינסקי אויפגענומען — שלום עליכם! — האָט ער געזאָגט, אָנ־נעמענדיג בעת מעשה מיט דער רעכטער האנט א לעפל זופּ — זיץ און הער וואָס מענטשן ריידן.

דער צווייטער פון די „מענטשן" וואָס איז געזעסן אַנט־קעגן איז געווען בעני סטיין, א איד א תושב אין דעם פּלאץ.

שאַפּיראָ ווייסט אז בעני סטיין האָט זיך אין רעסטאָראן דאָ, זיין שטענדיק פּלאץ, זיין קעלנער וואָס ווייסט שוין זיינע באליבטע מאכלים, און ער האָט זיך זיינע שטענדיגע מעשיות. מערסטנס אזעלכע וואָס האָבן זיך געטראָפן אין סיטי האָל, וואו ער האָט א געוויסן אמט.

קאַמינסקי, כאָטש ער קומט אָפט אריין אהער, איז ער אָבער מער א צופעליקער. שאַפּיראָ האָט צו אים א וואַ־רעמען געפיל. ער געפעלט אים ניט אזוי אין די מאָמענטן וואָס ער זעט זיך מיט אים, נאָר דער „גאנצער קאמינסקי" איז פאר אים אינטערעסאנט.

זיין לעבנס־געשיכטע איז פון א מענטשן מיט וועמען ס'איז אָנגענעהם זיך צו טרעפן און פארברענגען. וואָס ער ווייסט פון אים, איז אָט וואָס:

ער איז געווען אמאל אן אָרעמער בחור, א סקיצן־שרייבער. האט אָפּגעדרוקט א ביכל און מ'האט עס כמעט פארשוויגן.

שפּעטער האט ער שוין קיין סקיצן ניט געשריבן, נאָר קאָרעספּאָנדענציעס אין א נויאָרקער אידישער צייטונג. געוואָרען אן אינשורענס אגענט און אין פארלויף פון יאָרן געוואָרן רייך. איז א דירעקטאָר אין דער קאָמפּאַניע. שרייבט גרויסע „פּאליסים" און איז גוט באקענט אין דעם געזעלשאפטליכן לעבן פון שיקאַגאָ.

ווייל אן ענגלישע צייטונג וויסן וואָס „פּראָמינענטע אידן" זאָגן וועגן א געוויסער פראגע, שיקט מען א רעפּאָרטער צו אים, ער זאָל בא אים נעמען א „סטייטמענט". פאר־שטייט זיך, פריער דרוקט מען אָפּ די מיינונגען פון די באַנקירן און די אידישע ריכטער. אָבער זיין נאָמען איז אויך דאָ מיט זיין דערקלערונג.

און אז קאַמינסקי קומט אהער צו „בלומ'ס," איז ער נאָך אלץ דער אלטער סקיצן־שרייבער. ער שרייבט שוין מער ניט. אָבער ער בייענקט נאָך יענע צייטן ווען ער האט געשריבן, ווען ער האט געקענט שרייבן... און אויב ער איז צופרידן מיט זיין רייכקייט, דערמיט וואָס ער האט פארפלאַנצט אזעלכע געזונטע וואָרצלען אין דעם „נייעם לאַנד" וואָס איז שוין פאר אים גאָרניט ניי, איז ער אָבער שטאָלץ מיט זיין ביכל אידישע סקיצן פון אמאָל. דאָס איז זיין יחוס... פאר זיך אליין.

מיט סטיינ'ען קען ער זיך גוט פון די אַלטע צייטען. סטיין האט אליין גאָרניט געשריבן. אָבער ער איז געווען א נאָענטער מענטש ארום אידישע צייטונגען. אליין אמאָל ארויסגעגעבן א וואָכענטלאַכע אידישע צייטונג אין א ווייטע פּראָווינץ שטאָט.

עס איז געווען צוליב קהל'ען זיך, צוליב פירען פּאָליטיק, זאָגן דעות. און דערביי איז ער געבליבן.

איצט, אז ער איז ארום א פופציק יאָר אַלט, און ער דארף שוין אינטערציען א שטיקל סך הכל, ווייסט ער אז נישט דערצו האָט ער געשטרעבט אלע זיינע יאָרן — צו האָבן א קליינעם פּאָליטישן אַמט אין סיטי האָל.

אָבער קיין זאך אינטערעסירט אים ניט אזוי ווי פּאָ־ליטיקע. ס'האָט זיך איינגעגעסן אין זיינע ביינער.

— איר מיינט דאָך אודאי — זאָגט ער צו קאַמינ־סקי'ן און צו שאפּיראָ'ן — איר קאָנט דאָך אודאי מיינען אז אונזער אַלטער „ביל" וועט ניט ווערן נאָכאַמאָל מעיאָר? זאָג איך אייך, אז ער וועט יאָ ווערן. הערט וואָס איך זאָג אייך...

שאפּיראָ'ן ארט ניט אויב „ביל" וועט ווערן נאָך אַמאָל מעיאָר. קאַמינסקי אָבער וויל אביסל אָנרעגן, צעוואַרעמען זיין אַלטען פריינט, און ער זאָגט:

— מאָל דיר, מע דארף אים ניט האָבן. אונזער איצטיקער מעיאָר איז א בעסערער.

— ווער? — קאָן סטיין ניט ליידן — אָט דער כאַ־מולע? דער בומילע? אָט דער שוואַרצער, פינסטערער „קעטאָליק"?...

שאפּיראָ פאַראינטערעסירט זיך שוין אין דעם געשפּרעך אויף אן אמת'ן. דאָס הייסט, ניט אזוי אין דער פראַגע אַליין: ווער פון די צוויי דארף זיין דער קומנדיקער מעיאָר. ווער ס'וועט אויסגעקליבן ווערן, דער וועט זיין. און איינער איז, מסתמא, פונט אזוי גוט, אָדער אזוי שלעכט ווי דער אַנדערער.

וואָס אים האָט אָנגערירט, איז געווען סטיינ'ס שטאַרק־סטע טענה, אַז דער איצטיקער מעיאָר דאַרף באַזיגט ווערן, מוז אָפּגעבן זיין פּלאַץ צו א צווייטן, ווייל ער איז א קאַטאָליק.

ער האָט דערזען אין סטיינ'ען דעם פּאָליטישן. דעם מענטשן וואָס האָט ארונטערגעוואָרפן, ארונטערגעריסן זיין געוויסן, זיין ערלאכקייט. ער ווייסט גוט, סטיין, אַז דאָ אין דעם לאַנד, דאָ אין דער שטאָט, זיינען אין די יאָרן, די קאַטאָליקן פאַרהאַסט און דערנידעריקט פון דער הערשנ־דער פּראָטעסטאַנטישער רעליגיע, כמעט אזוי ווי אידן. אָבער צוליב פּאָליטיק איז ער גרייט איצט צו טראָגן אזא האַס אַף קאַטאָליקן, פּונקט ווי זיינע פריינט, די פּראָ־טעסטאַנטן. עס איז זיין פּרנסה.

פאַרנעמען זיך אוים'טענה'ן מיט אים, האָט ער קיין חשק ניט געהאַט. האָט ער זיך געוואָלט אויפהויבן און אוועקגיין. אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען ווי סטיין האָט א בים געטון א שוואַרץ שטיקל ברויט, באַשמירט מיט פּוטער, און זיין גאַנצע אויפרעגונג, די גאַנצע אַנטיפּאַטיע וואָס ער האָט נאָר־וואָס געפילט צו אים, איז פאַרשווינדן געוואָרן.

ער האָט דערזען אָט דעם מענטשן פון דער מענשלאַ־כער זייט.

עפּים א רחמנות איז געווען אויסגעשפּרייט צווישן די ווינקלען פון זיין מויל. דער רחמנות פון א לייב ווען ער רייסט און בייסט שטיקער פלייש. ער שטילט זיין גרויסן, זיין אייביקן הונגער אזוי.

אָבער א לייב איז א חיה און איז ווילד, און ביי א מענטשן — האָט שאַפּיראָ געזען — איז א חוץ

רחמנות אויך דאָ דערביי א שטילער טרויער פון גע־פייניגטקייט.

ער האָט געקוקט אױף סטיינ׳ען, אױף קאַמינסקי׳ן, געננר־מען קוקן אױף די אַנדערע וואָס האָבן געגעסן, און אים האָט זיך געדוכט, אז אױף אַלעמענס פּנים׳ער ליגט אויס־געצויגן א געבעט און א באַקלאָגן זיך:

— דער ביסן ברויט — זאָל אונז אייביק זיין... אַלץ וואָס מיר טוען איז פאַר דעם ביסן ברויט...

פון א ווייטערן טישל האָט זיך דערהערט א קול, פאַר־שטעלט ביי דער זייט פון מויל מיט פיר פינגער און געווענדט גלייך צו שאַפּיראָ׳ן:

— האָסט היינט געזען דעם „אַמעריקען"?

ער איז צוגעקומען צו דעם וואָס האָט אים די פראַגע איבערגעשיקט, צו לעסטער מייעראָוויטש.

מייעראָוויטש, א דאַרער, מיט ברילן אָנגעטון, מיט בלאָנדע האָר פאַרשאַרט ארויף, האָט באַ זיך אפ׳ן טישל געהאַט אָנגעלייגט עטלאכע פאַרשידענע אויסגאַבן פון דעם „אַמעריקען", די צייטונג מיט סענסאַציעס אױף די ערשטע זייטן און לייכטע פּיקאַנטע לייען־שטאָף אױף די אינווע־ניגסטע זייטן. אױף אַ ביינקל נעבן אים איז געלעגן נאָך א פּעקל צייטונגען און אױף דער פּאָל, אונטער׳ן טישל, האָט א צוקנייטשטע צייטונג געפּריפּט ארומכאַפּן זיך ארום א פיסל. ער האָט אַלע מאָל ארונטערגעוואָרפן אַשעס פון זיין סיגאַרעט אױף דעם סיגאַרעט פּעקל, און ביי יעדן מאָל זיינען די אַשעס ארונטער אפ׳ן טישטוך.

— ס׳ האָט דיר געמעגט אָנשטיין צוגיין צו מיר, איידער כ׳ האָב דיר גערופן — האָט ער געהאַט א טענה

צו שאפּיראָ׳ן, און באַלד זיך צושמייכלט, איהם גלעטנדיק די האַנט: — איך ווייס, אז דו ביזט מיינער אן אמת׳ער פריינט...

— און ווער איז דיר א שונא? — האָט שאַפּיראָ גע־פרעגט.

— אלע זיינען מיר שונאים. גאַנץ בלום׳ס — האָט מייעראָוויטש פאַרזיכערט און געהאַלטן אין איין ציען דעם רויך פון זיין סיגאַרעט — מע פאַרגינט מיר ניט וואָס איך בין אן ענגלישער שרייבער... וואָס איך בין אזא גרויסער דערפאָלג אין דער אַמעריקאַנער צייטונגס־וועלט. מען פאַרגינט מיר ניט דאָס לעבן דערפאַר וואָס איך בין א גרויסער מענטש...

— לאָז צורו מיט דיין דערפאָלג און מיט דיין גרויס־קייט, וועט מען דיר ניט טשעפּען — האָט אים שאַפּיראָ נעגעבן א פריינטלאַכע עצה און געוואוסט אז מייעראָוויטש וועט אים ניט פאָלגן.

א פּאָר מאָל איז ער מיט מייעראָוויטש׳ען געווען אין דער רעדאקציע פון דער ענגלישער צייטונג וואו ער אר־בעט, און ער האָט באַמערקט:

מ׳ האָט אים געגעבן א שרייב־טיש און א שרייב־מאַשין און מע צאָלט אים וואָכנטלאַכן געהאַלט, ווייל מע דאַרף אים האָבן. ער האָט אַ גוטן חוש אויסצוגעפינען נייס. מען פערלאָזט זיך אף אים מיט דער גאַנצער וועסט־סייד, מיט דעם אידישן געגענט. זאָל ער באַשרייבן וואָס סע קומט פאָר באַ די אידן פון שיקאַגאָ.

און דערצו איז זיין שרייבן צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער צייטונג. ער ווייסט שוין אז מע דאַרף אָנהויבן שרייבן אַ געשיכטע, אַן ערך, אזוי:

„זי איז געווען אן אָרימע מיידל און געוואוינט אין דער גהעטאָ. ער איז געווען א רוסישער פּרינץ, וואָס איז פון די באָלשעוויקעס אנטלאָפן.... — — — —

און אזוי ווייטער. רירנד, הארציק, פּיקאנט. צאָלט מען אים געלט, דרוקט מען זיינע נייסען־געשיכטעס, זיינע „פּיטשור־סטאָרים" מיט זיין נאמען פון אויבן. דאָרטן זיינען דאָ א סך שרייבער, בעסערע און ערגערע און ער איז איינער פון זיי.

אָבער אז ער גייט אוועק פון דער רעדאקציע, פילט ער אז ער איז ניט גלאט אַן ענגלישער שרייבער. ניין, ער איז אַ א י ד און איז אַן ענגלישער שרייבער.... אָט וואָס ! דאָס איז שוין גאָר אַן אנדער זאך.

און מער ווי אומעטום, זוכט ער כבוד בא די אידישע שרייבער פון די צוויי אידישע צייטונגען. זיי זעען אלע דעם פּאַרנאַכט פון זייער ארבעט, זיי פילן מיט אלע זייערע חושים דאָס אויסגעבלאסקייט און דאָס געפאלנקייט פון זייער שפּראך, די שפּראך פון זייער פאָלק, וואָס גייט אזוי יונגערהייט פון דער וועלט אוועק. און זיי ווייסן דעם שוואכן ווערט פון מייעראָוויטש'עס שרייבן.

וויל ער בא זיי כבוד. אנערקענונג.

חוזק'ט מען אָפּ פון אים. לאכט מען פון זיין „אוועקגיין צו די גוים". האלט מען זיך ווייט פון אים, פרעמד צו אים.

שאפּירא האָט צו אים דעם אייגענעם געפיל וואס די אנדערע פון דער גרופּע, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך מיט אים מיטלייד. דעם רחמנות וואָס מ'האָט צו א מענטשן וואָס וויל צו עפּיס דערגרייכן און קאָן ניט... וואָס גייט אויף א ווייטן וועג און קוקט זיך אלעמאָל אום אָף צוריק.... און נאך מער פילט ער אזוי ווען ער דער־

מאַנט זיך ווי אזוי מייעראָוויטש איז געווארען אַן ענגלי־שער שרייבער.

געווען אין שיקאגא אַ אידיש־ענגלישער שרייבער. א שרייבער מיט א גרויסן טאלאנט אַלס דערציילער. אָבער ער האָט צופיל יאָרן פון זיין לעבן אוועקגעגעבן אלס א רעפּאָרטער, צו באשרייבן פאקטן, געשעענע נייס'ען. אמת'ער סם פאר א שרייבער.

ער איז געווען א געבאָרענער אין נויאָרק און איז אין דער יוגנט אוועק אין דער מיטל־וועסט. געארבעט אלס א רעפּאָרטער אין ענגלישע פּראָווינץ־צייטונגען און געווען ווייט פון אידן און אידישקייט.

שפּעטער, ווען ער האָט א גוטן נאָמען געקראָגן אלס נאָוועליסט און געוואָרפן אן אומ'חן אַף זיין רעפּאָרטעריי, האָט ער זיך גענומען פארטיפן אין זיך, פארטיפן אין דעם גאנג פון לעבן.

און דעמאָלט איז צו אים די אומרו געקומען. און ווען ער האָט גענומען טראַכטן פון דער אומרו, האָט ער זיך דער־טראכט, אז דאָס איז די אידישע אומרו וואָס איז צו אים געקומען בירושה פון דורות.

און ווען ער האָט זיך צו אָט דעם געדאנק דערטראַכט, האָט ער דערפילט א בייגקשאפט צו דער אידישער גאס. ס' האָט אים געצויגן צום אידישן לעבן.

און ווען ער האָט זיך אַף דער אידישער גאס מיט מייעראָוויטש'ן אָנגעטראָפן, האָט ער אים גערופן, גענומען צו זיך אַף דער גוי'ישער גאס.

געטראכט: ער וועט האָבען מיט זיך, אין זיין ווינקל, אַן אייגענעם מענטשן, נאָר וואָס פון דער אידישער גאס

ארוים, וועט אים פריילאכער זיין, און דערווייל וועט מייע־ראָוויטש פון זיין אייגן ווינקל ארוים. ער האָט א יונגערן ברודער א האַנט אויסגעצויגן.

אזוי איז מייעראָוויטש אוועק פון דעם אידישן צייטונגס־פעלד, אומגעריכט פאר זיך אליין, און ס׳ איז בא אים נאָך אלץ א נס, א וואונדער וואָס ער איז געוואָרן אן אמעריקאַנער צייטונגס־שרייבער.

— דו ווייסט — זאָגט ער צו שאפּיראָ׳ן און קוקט אף אים שארף דורך די ברילן ארוים — מע שיקט מיר קיין סאָוועט רוסלאַנד, אין א פּאָר חדשים ארום.

דער „מע שיקט מיר״ איז ארויסגעזאָגט געוואָרן אין אזא טאָן, אז ס׳האָט געהייסן: מע שיקט מ י ר , נישט דיר... דער „אמעריקען״ וואָס האָט א האלבן מיליאָן לע־זער, שיקט עם מיר ארוים. איצט פארשטייסטו שוין ווער איך בין ?

— האָסט א טייערע פאנטאַזיע — ענטפערט אים דארויף שאפּיראָ און פילט דערמיט ניט אים ווי צו טון אָדער אָפּ׳חוזק׳ן פון אים — איך בין אויך אזוי, לעסטער. אז איך פאנטאַזיר עפּיס אויס, אז איך שטעל מיר עפּיס פאַר אין געדאנק, לעב איך שוין דערמיט ווי ס׳ וואָלט טאַקי געוועזן אן אמת. איך האלט טאַקע מיינע פאנטאַ־זיעס פאר זיך אליין. אָבער דאָס וועט דיר ניט צופרידנ־שטעלן. דערצייל מיר נאָך זאכן וואָס דו גייסט טון.

בעת שאפּיראָ האָט גערעט מיט מייעראָוויטש׳ן, איז צו אים צוגעקומען וויקטאָר יאַפּע, א פארוואלטער פון א גרויסער ריעל עסטייט פירמע. א נידריקער, א טונקעלער, מיט שארפע געזיכטס־שטריכן און שנעלע באוועגונגען.

— קומט, וועלן מיר גיין! — האָט ער באַפּוילעריש געזאָגט צו שאַפּיראָ'ן.

— וואוהין?

יאָפּע האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ האַנט אין אַ האַנט. איינ־מאָל און נאָכאַמאָל. געשטאַנען און געקוקט איבער דעם רעסטאָראַן. זיך אַ בויג געטאָן צו אַ פּאָר באַקאַנטע, וועלכע האָבן אים פונדערווייטנס באַמערקט.

— מיר גייען לייענען אַ ניי ליטעראַריש ווערק ביי מיר אין הויז, און איר ווערט העפליכסט איינגעלאַדן צו פאָרן מיט מיר, גנעדיקער הער שאַפּיראָ!

אַ פּאָר טריט פון אים איז געשטאַנען אַן איילנדיקער מלך בעז, אַ בחור מיט ברייטע אַקסלען, אַ סיגאַר אין מויל, מיט שוואַרצע געדיכטע ברעמען און אַ פּנים אזא, וואָס שמייכלט און איז בייז אין איין צייט.

— קאַם־אָן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו יאָפּע'ן, זייענדיג שטאָלץ וואָס אַז ער וויל, קאָן ער אַף אים שרייען — וואָס בעט איר עס אים אַזוי? וואָס רעט איר אים איין? אַז ער וויל ניט גיין, דאַרף מען ניט.
נאָר פונדעסטוועגן, איז ער צוגעגאַנגען צו שאַפּיראָ'ן, אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און פריינטלאַך אַ זאָג געטון:

— קאַם־אָן! ס'וואַרטען מענטשן אין דרויסן. וועסט שוין היינט לעבן אַ חזיר'שע נאַכט!

סאָניע קליין איז נאָך געזעסן מיט דעם באַנקיר האָרנ־שטיין און דעם מוֹאווי מענעדזשער פּאָלין, און מיט זיי גערעט וועגן דעם אונטערשיד אין גייסט צווישן די צוויי לענדער, אַמעריקע און רוסלאַנד; וואו עס קומען זיך צו־

נויף און וואו עס צוגיין זיך די באגריפן פון קולטור און ציוויליזאציע און געהערט און דערציילט געשיכטעס וואָס האָבן דערמיט יאָ און ניט געהאַט צו טאָן.

זי האָט זייער פריינטלאך און צופרידן זיך א נויג געטון פאר שאפּיראָ׳ן ווען ער איז דורכגעגאנגען.

* * *

— צוערשט וועלן מיר טרינקן צו גלעזלאך טיי מיט ווארעניע — האָט יאפע געזאָגט ווען די איינגעלאדענע געסט זיינע האָבן זיך אויסגעזעצט.

ער איז אריינגעגאנגען אין קיך, צוגעשטעלט זידן א טשייניק וואסער אויפ׳ן געז־אויוועלע און איז באַלד ארויס־געקומען צוריק א פארטוענער, מעשה באלעבאָסטע.

— איר פארשטייט — האָט ער געזאָגט — דער ווייב מיט די קינדער האָבען מיר אוועקגעשיקט שלאָפן ערגיץ אנדערש, וועלן מיר זיך שוין דארפן אליין באדינען.

שאפּיראָ האָט א קוק געטון אף דעם בוך וואָס איז געלעגן אפ׳ן טיש און וועלכן מ׳ איז זיך צונויפ־געקומען אהערצו. דער טיטול איז געווען: „מיין לעבן און מיינע ליבעס״ פון פריינק העריס, דריטער באַנד.

וועגן דעם אינהאלט פון דעם בוך האָט שוין שאפּיראָ געהערט. עס איז א פארבאָטענער בוך, געדרוקט אין פראנק־רייך און ווערט דאָ פארקויפט אין געהיים פאר גרויסע פרייזן. פריינק העריס, דער קריטיקער, וועלכער האָט זיך מער ווי אלץ אויסגעצייכנט אין שרייבן די לעבנס־ביאָגראפיעס פון אייניגע קלאסישע ענגלישע שרייבער און שילדערן און מאָלן פּאָרטרעטן פון די שרייבער פון זיין דור, האָט אף דער עלטער אָנגעשריבן זיין אייגענע לעבנס־ביאָגראפיע, אין דריי בענדער, וואו ער דערציילט אף

אן עראָטישן שטייגער זיינע אינטימע באַציאונגען מיט פרויען נאָך פון זינט קינדווייז אָן.

כאָטש ער, שאפּיראָ אליין, האָט נאָך די ביכער ניט געלייענט און האָט נאָר געהערט וועגן דעם אינהאַלט, איז אָבער פאר אים אָט דער מאָמענט, אָט דאָס צוזאַמענ־קומען זיך צו לייענען דעם בוך, געוואָרן זייער א וויכטיקער.

ער האָט דורך דעם דערזען פאר זיך דאָס בילד פון דעם גייסטיקן אידישן לעבן אין שיקאַגאָ.

ער דערמאָנט זיך אז מיט א צייט צוריק איז ער מיט זיין קאָלעגע ווינטינפעלד, א רעפּאָרטער פון דער צווייטער אידישער צייטונג, געווען אין אידישן טעאַטער. דאָרט האָט מען געשפּילט די פּיעסע „סאַנין", וואָס איז איבער־זעצט געוואָרן פון רוסיש.

ווינטינפעלד, וועלכער איז מיט א אַכט יאָר עלטער פון אים, און איז געקומען קיין אַמעריקע ווען ער איז שוין אלט געווען איין און צוואַנציק יאָר, האָט אין די גאָר יונגע יאָרן עטוואָס איבערגעלעבט פון דער עפּאָכע אין רוסלאַנד, וועלכע ווערט געשילדערט אין „סאַנין."

ער, שאפּיראָ, איז קיין אַמעריקע געקומען א גאָר יונגער אינגל. ער געדיינקט גאָרניט פון זיין ערשטער היים. זיין היים איז נויאָרק. זיצנדיק מיט אים דעמאָלט אין טעאַטער, האָט אים ווינטינפעלד דערציילט וואָס ער גע־דיינקט פון יענער צייט אין רוסלאַנד. די אַנטוישונגען פון דער יוגנט נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע איז אומ'ברחמנות'־דיק אונטערדריקט געוואָרען, ווי אזוי די אידעאַליסטישע יוגנט איז געוואָרן אַפּאַטיש און פּוסט און האָט זיך גענומען צו פירן א לעבן פון זינד און אויסגעלאַסענהייט.

פאר שאפּיראָ'ן איז דער אינהאַלט פון „סאַנין" געווען זייער מאָדנע.

— מען דאַרף דען ווערן אנטוישט און אַפּאַטיש אַף צו זיין אויסגעלאָסן און זיך אָפּגעבן מיט פרויען? — האָט ער געפרעגט ווינטינפעלד'ן — וואו איז דאָ דאָס דראַמאַטישע, דאָס טראַגישע אין דער דראַמע?

— אָבער פריער איז דאָס בלויז געווען אַ ביי־זאַך— האָט אים ווינטינפעלד געפּריוועט דערקלערן — נאָכדעם איז עס געוואָרן דער עיקר, די הויפּט־זאַך אין לעבן. ווען סאַנין, דער העלד פון יענער עפּאָכע, נעמט זיך צו פאַרפירן פרויען, יונגע מיידלאַך, איז עס בא אים ניט אַ זאַך וואָס ער טוט זיך גלאַט אַזוי, פאַר פאַרגעניגן וועגן. ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען אַ אידעאַליסט. זיין שטרעבונג, זיין ציל אין לעבן איז געווען צו גליקלאַך מאַכן די גאַנצע מענטשהייט — אַ זאַך וואָס דו הויבסט ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס דאָס מיינט — נאָכדעם אָבער, ווען ס' איז אָנגעקומען די צייט פון אַנטוישונג, ווען פון אַלע חלומות האָבן זיך אויסגעלאָזט קאָזאַצקע נאַגייקעס, טורמעס, סיביר, און דער עיקר, די „גאַנצע מענטשהייט" וואָס סאַנין האָט געוואָלט גליקלאַך מאַכן, אויסלייזען, האָט זיך גענומען אויסלאַכן פון אים, — דעמאָלט האָט סאַנין און די טויזענטער אַנדערע מיט אים, זיך גענומען מיט אַ חיה'שן אַפּעטיט צום פרויען געשלעכט, צו זינדיקן, צו צורייסן אַן אייגענע שוועסטער אַז זי זאָל זיך איבערגעבן צום ערשטן בעסטן בחור. סאַנין זינדיקט ניט, הולטאַיעוועט ניט צוליב ווילטאַג, נאָר פון פאַרביטערונג, פון פאַרצווייפלונג. איז דאָס שוין בא דיר יאָ אַ טראַגעדיע, צי נאָך אַלץ ניט?

אָבער וואָס דאָרטען אין רוסלאַנד איז געווען אין יענער צייט — אָט די וואָס זיינען דאָ פאַרזאַמלט ביי יאפע'ן אין הויז צו הערן און הנאה האָבן פון פריינק הערים'עס עראָטי־

שע אויסגעלאסענע באשרייבונגען, טראכט זיך שאפּיראָ, זיי זיינען זיכער ניט אַנטוישט, ניט פאַרביטערט און ניט פאַרצווייפלט.

עס טוט אים הנאה · וואָס ער איז געקומען אהער און ער וועט איצט האָבן אזא גוטע געלעגנהייט צו שטודירן אַט דעם קלאַס ארויפגעאַרבעטע אידן, אַט די גרופּע וואָס איז א טייל פון א זייער גרויסער צאָל.

— פאנגט אָן לייענען — זאָגט אים יאָפּע — קיינער וויל שוין מער ניט קיי טיי?

— זאָל לייענען עמיצער אנדערש — זאָגט זיך שאַ־פּיראָ אָפּ פון דעם אנבאָט — דר. ראָזען לייענט בעסער פון מיר. איר ווילט לייענען, דאָקטאָר?

בא אַן אנדער געלעגנהייט וואָלט דר. ראָזען זיך ניט אָנגענומען צו טאָן אזא זאך, וואָס מע האָט זיך דערמיט פריער געווענדעט צו עמיצן אַנדערש. צו לייענען אָבער אַט דעם בוך, האָט ער צוגעשטימט. זיין רויטער אָנגעפּיל־טער פּנים האָט אָנגענומען א זייער צופרידענעם אויסדרוק און זיינע גרינע אויגן אונטער די ברילן, וואָס שמייכלען אלע מאָל ציניש און איראָניש, האָבן באַקומען א גלאַנץ פון נייגיר.

— דאָס איז דאָס בוך וואָס איך האָב אף דעם געוואַרט יאָרנלאַנג... — האָט ער געזאָגט און אָנגעהויבן לייענען.

דער ערשטער פון דער גרופּע וואָס איז באלד געוואָרן אַנטציקט און אָנגערעגט איז געווען מלך בעז. ער האָט שוין געהאלטן אין אויסשרייען: „אָה, בייבי!" — ער האָט זיך אָבער איינגעהאלטן.

אַלע מאָל פון זינט ער גייט ארוים מיט „אַט די

מענטשן״, ווארט ער אז אן אנדערער זאָל מאַכן די ערשטע באַמערקונג. גייט ער מיט עמיצען פון זיי אין א טעאַטער, ווארט ער ביז דער צווייטער וועט זאָגן צי ס׳ איז גוט אָדער שלעכט. אז יענער קומט ארויס מיט א מיינונג, פּאָדטאַקעוועט ער אים אונטער און געפינט שוין די נוי־טיקע ווערטער אף נאָכזאָגן. — א שטייגער:

— אָ, יאָ, די מימיק איז שרעקלאַך...

דאָ האָט ער געוואוסט אז עמיצער פון דער גרופּע וועט באַלד עפּיס זאָגן. מ׳ וועט דאָך מוזען!

הער, א שרייבער פארגינט זיך. דערציילט, אז ווען ער איז געווען אף א שיף, האָט ער געהאט באַציאונגען מיט א זעכצן יאָריקע מיידל אין דער צייט ווען איר מוטער איז געווען נישט ווייט פון זיי. אזעלכע ביכער וואָלט ער געהאַלטן אין איין לייענען.

ס׳ איז געקומען צו א שילדערונג, וואו דער שרייבער האָט זיך באַנוצט מיט ניט קיין געקליבענע ווערטער, וואו ער האָט אָנגערופן געוויסע איברים בא זייערע אמת׳ע נעמען און די גאַנצע גרופּע, מיט׳ן לייענער, האָבן זיך צולאַכט.

— דאָס האָב איך ליב! — האָט מלך זיך צוואַרעמט — ,,האָט סטאָפּ״!

שאַפּיראָ׳ן איז אויסגעקומען צו זיצען אַנטקעגען איז־יאָעל גינזבורג, דער עלטסטער פון דער גרופּע, און ער האָט אים באַטראַכט.

גינזבורג איז דער אָנגעזעענסטער צווישן זיי אַלע. ער איז אן אנארכיסט שוין יאָרן לאַנג. נאָך פון דער צייט ווען ער האָט דורכגעלעבט זיינע הונגער־יאָרן. די אומגע־

רעכטיגקייט אױף דער וועלט, די צוטיילונג פֿון רייכע און אָרעמע, פֿון צופֿרידינע און אומצופֿרידענע, האָט אין אים איינגעפֿלאנצט דעם אנארכיסטישען אידעאַל. און כאָטש ער איז שוין א פּופּצען יאָר אַליין א רייכער, א צופֿרידענער, א פֿאבריקאַנט, באַ וועמען עס ארבעטן צענדליקע ארבעטער, איז ער אָבער אין געדאנק נאָך אַלץ געבליבן אַן אַנאַרכיסט. ס׳ דאכט זיך, אז ער האָט מיטגענומען א חלום, א טרוים פֿון די הונגער יאָרן, און דער חלום פֿילט־אויס די פּוסטקייט, זיין אַפּאַטישקייט אױף די עלטערע יאָרן, די יאָרן פֿון זאַטקייט, פֿון אַנגעזאַמעלטן דערפֿאָלג און גלייכגילטיקייט.

אַלע מאָל איז גינזבורג א רוהיקער, וואָס עס פּאַסט זיך אזוי צו זיין הויכקייט און ברייטקייט און די שווארצע האָר וואָס ווילן ניט ווערן גרוי.

ווערט אָבער אַנגערירט א פֿראַגע, א פּאַסירונג פֿון לעבן, ווערט גינזבורג אַנגרייפֿנדיק. רעדט אין נאָמען פֿון די אונטערדריקטע, רעדט מיט די רייד פֿון די וואָס האָבן זייער פֿרייהייט און זייערע לעבנס אוועקגעגעבן פֿאר דעם אנארכיסטישן אידעאַל.

אז שאַפּיראָ הערט אים אזוי רעדן, אָדער ווען ער פֿירט מיט אים א געשפּרעך וואָס ווערט אַלעמאָל דיסקוסיע׳דיג, גלויבט ער גינזבורג׳ן אז ער פֿילט דאָס וואָס ער זאָגט. ער איז טאַקע רייך און פֿירט א לעבן פֿון א צופֿרידענעם מענטשן. עס קאָן אפֿשר אויך זיין אז די ארבעטער אין זיין פֿאבריק דארפֿן אמאָל ארויס אין א סטרייק אױף צו קריגן פֿאר זיך פֿארבעסערונגן. עס איז גאַנץ מעגלאָך אז זיי קומען צוריק ארבעטן אלס אונטערגעגעבענע, כדי אינגאַנצן ניט פֿארלירן ס׳ שטיקל ברויט און אלס „באָס״ איז ער דערפֿון צופֿרידן.

אָבער גינזבורג איז פּאָרט אין געדאנק אַן אידעאַליסט, אַן אַנאַרכיסט. און ווען ער רעט פון ארבעטער קאַמף, פילט ער יעדער וואָרט וואָס ער זאָגט ארויס. דאָס איז זיין אידעאַל.

— וועלל, מר. גינזבורג — וויצלט זיך מיט אים יאפע, נאָכדעם ווי דר. ראָזען האָט איבערגעלייענט עטליכע גע־דיכטע זייטלאך פון פריינק העריס׳עם בוך, פּאַ מיט ליידנשאפט־לאָבע סצענעס, מיט סעקסועלע האַנדלונגען — א יאָ, אָט דאָס האָבן געמיינט אייערע אנארכיסטן, ווען זיי האָבן געפּריידיקט פרייע ליבע?

— טשעפּעט ניט קיין אַנאַרכיסטן—מישט זיך אריין דר. וויכנער, א מענטש וואָס איז זייער צופרידן אז ער קאָן עמיצן מבטל מאַכן, אָפּשפּאָטן און זיך שטעלן העכער פון אים, — איך קאָן אייניקע אַנאַרכיסטקעס — — — —

— ער קאָן! — זאָגט דר. ראָזען און לייגט אַף א ווייל אוועק דעם בוך — אַמאָל, אז איך פלעג זיך אָנטרעפן מיט א שיינער ווייבל און כ׳ האָב זיך דערוואוסט אז זי איז אַן אנארכיסטקע, האָט ניט גענומען קיין צען מינוט צייט און מיר האָבןביידע הנאה געהאַט. עמאַ גאָלדמאַן האָט אירע ווייבלאך געפירט אַף גוטע וועגן...

— דאָס דערמאָנט מיר אין א מעשה׳לע — רופט זיך אָן סעמיועל ברוין, א הויכער א גראָבער, מיט א גע־שליפענער שפּראך, און א פליישיקן פנים, וועלכער טומלט זיך בא פארשידענע קהל׳שע אינסטיטוציעס — איר מעגט עס אלע האָרכן. אַמאָל איז א איד געפאָרן פון אַמעריקע קיין אייראָפּע. איז ער געווען אין שטאָקהאָלם. נו, אז ער איז שוין אין שטאָקהאָלם, האָט ער געקויפט א שטאָק, א שטעקן, הייסט עס. אז ער איז געקומען אהיים, פרעגט איהם זיין ווייב, פארוואָס — —

— מיר האָבן שוין געהערט די מעשה ! — זאָגט גאַנץ ערנסט אייב שלאָסבערג — מיר זיינען געקומען אהער לייענען דעם בוך.

אמאָליקע יאָרן איז שלאָסבערג געווען דער פירער פון א גרויסע אידישע יוניאָן אין שיקאַגאָ. זיינען גע־קומען אנדערע און האָבן דורך פאַרשידענע וועגן און מיט־לען צוגענומען ביי אים די יוניאָן. איז ער געוואָרן פאַר־ביטערט, ביז אף מענטשן. איצט איז ער א רייכער ריעל עסטייטניק. געשעפט, ביזנעס איז בא אים דאָס וויכטיקסטע אין לעבן. עס מאַכט ניט וואָס דאָס געשעפט זאָל ניט זיין. א הערצו איז ער געקומען הערן ווי מען לייענט א פיקאַנטן בוך. טאָ וואָס פטר'ט מען צייט אף גאָרניט ?

דר. ראָזען האָט גענומען ווייטער לייענען. וואָס ווייטער א בלעטל, אלץ פיקאַנטערע לעזט שטאָף האָט זיך געוויזן. די אויגן פון דעם לייענער און די צוהערער האָבן געגלאַנצט מיט אויפגערייצטע אונהיימלאכע פייערלאך. מלך בעז האָט דערפילט אז איצט קאָן ער רעדן און זאָגן וואָס ער וויל. אלע האָבן איצט דיזעלבע געדאנקן וואָס ער און אלע פילן איצט אזוי ווי ער — אויפגערייצט, ליידנ־שאַפטלאך, ווי זיי וואָלטן צוגעזען ווי צוויי יונגע מייד־לאך וואָלטן איינע מיט דער אנדערער זיך באהעפט, איינע מיט דער אנדערער זיך געזעטיקט.

— העי, קאַם אָן ! — איז ער אויפגעשטאַנען און ארויסגעכאַפּט א ביכעלע פון דער אויבערשטער קעשענע— ווער וויל אדרעסן ?... נאט אייך, פאַרשרייבט, פאַרשרייבט די טעלעפאָנען : דאָגלאַס... דריי דאלאַר. העדזשוואָטער... א צענערל. ס' איז ווערט... קראָפאָרד.. דאָ באַלד.... א דרייערל. סיליע... א בלאָנד שיקסל... —

דר. וויכנער האָט היטנדיק זיך פאַר די אַנדערע, ארויס־גענומען זיין נאָטיץ־ביכל, און האַלטנדיק דאָס אונטער׳ן טיש, האָט ער פאַרצייכנט די טעלעפאָנען און נומערן וואָס מלך האָט אויסגערופן.

— איר וועט מיר שפּעטער געבן א קאָפּיע... — האָט אים ברוין שטילערהייד געזאָגט.

דר. וויכנער׳ס געזיכט איז געוואָרן רויט.

—וואָס מיינט איר, טו איך ? — איז אים שטאַרק ניט אָנגעשטאַנען וואָס ברוין האָט עס באַמערקט — איך מאַך נאָטיצן פאַר אַן ארטיקל...

— לייענט, לייענט ! — האָט שלאָסבערג ניט געוואָלט ליידן וואָס מ׳ האָט ווידער געשטערט דעם לייענער.

שאַפּיראָ האָט געפילט א ווידער־געפיל צו אָט דער גרופּע וואָס איז זיך צונויפגעקומען אהער האָבן תענוג פון פּאָרנאָגראַפיע. עס האָט זיך אים געדוכט אז באַלד שטעלט ער זיך אויף און באַליידיקט זיי און מאַכט זיי מיט דער בלאָטע גלייך פאַרוואָס זיי געבן זיך אָפּ מיט אזעלכע נארישע נישטיקע אינטערעסן.

אָט זיינען דאָ מענטשן וואָס יעדערער פון זיי — האָט ער געטראַכט — איז געוועזן און איז נאָך אַלץ א גלויביקער אין א געוויסער אידייע. איז באַקאַנט אין דער אידישער גאס אַלס אזעלכער וואָס האָט געהאָלפן און העלפט בויען דאָס גייסטיקע אידישע לעבן אין דער שטאָט.

אָט איז יאַפע, דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון דער אידישער ארבעטער צייטונג. יאָרן־לאַנג איז ער געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער צייטונג, וואו עס ווערט אזוי פיל געשריבן וועגן די פליכטן פון די ארבעטער צו אָרגאַניזירן

זיך און צו קעמפן פאר זייערע רעכטן פאר א בעסערער וועלט. ער איז געווען דער פירער פון א וויכטיקן אידישן קולטור־צוויייג.

דר. וויכנער איז נאָך איצט אויך א נאָענטער מיטאר־בעטער פון דער צייטונג. אף אלץ רופט ער זיך אָפּ אין זיין שרייבן: אף דארויף וואָס „וואָל סטריט" באהערשט דאָס לאַנד; אף דארויף וואָס אין דער שטאָט זיינען ניטאָ גענוג סקולס פאר אלע קינדער, וואָס עס הערשט אן ארבייטסלאָזיגקייט — אף אלערליי טאָג פראגן רופט ער זיך אָפּ אין זיינע ארטיקלען און אלעמאָל קומט ער צום זעלבן אויספיר, אז אין אלץ איז שולדיג די איצטיקע קאפּיטאליסטישע אָרדנונג... ער איז זייער ניט צופרידן מיט איר.

דאָקטאָר ראָזען, וועלכער לייענט איצט אזוי געשמאַק דעם עראָטישן בוך, האַלט זיך פאר דעם בעסטן סאָציאַ־ליסט אין דער פארטיי. מען טאָר פון דער שטריינגער פארטיי דיסציפּלין ניט ארונטערגיין אויף קיין איין טריט.

און אָט איז בעקער, א פירער פון די קאָמוניסטן אין שיקאַגאָ. א נידעריקער, מיט לאַנגע שווארצע גע־דיכטע האָר און ראָזאָווע באַקן, זיצט ער די גאַנצע צייט א שטילער, אביסעל ווי א פרעמדער דאָ, אים איז ניט געווען אנגענעם צו טרעפן זיך דאָ מיט די „רעאַקציאָ־נערן", מיט דער גרופּע וואָס באַשטייט מערסטנס פון די געגנער וועמען ער פירט אן אַ שטארקן קאַמף. ער איז גע־קומען אהער אף יאַפּע׳ס איינלאַדונג. יאַפּע איז גוט מיט אַלעמען. אָבער הנאה פון דעם פּארנאגראַפישן בוך האָט ער באַגלייך מיט אלע...

— ס׳ איז א קונסט ווערק! א קונסט ווערק! — דריקט ער אויס זיין באַגייסטערונג פאר שאפּיראָ׳ן אויף פריינק סערים׳ בוך.

און כאָטש ס'איז א גאַנץ נאַטירלאכע זאַך אז מענטשן זאָלן זיך צונויפקומען צו הערן פאָרלייענען א פארבאָטע־נעם בוך, פונקט ווי זיי זאָלן דאָ פארברייינגן אין שפּילן אין קאָרטן, קאָן זיך אָבער שאַפּירא ניט באפרייען פון דעם געדאַנק, אז ס'איז פונדעסטוועגן זייער מאָדנע דער גאַנצער פארברייינגען דאָ היינט אַף דער נאַכט, אַף אזא'ן אופן.

ס'איז ניט דער געפיל פון שעמען זיך וואָס האָט אים ארומגענומען, נאָר א שטאַרקער פארדראָס אַף די מענטשן וואָס האָבן זיך פארוואַנדלט אין קלייניקע מענטשעלאך מיט קליינע השגות, וואָס דרייען זיך ארום ווי נאַקעטע אין אונזער צייט — די צייט פון אומרו, פון ברייטן וועלט־פּארנעם. און ס' איז ניט נאָר אָט די גרופּע. זיי זיינען א טייל פון א זייער גרויסער צאָל. אייגנטלאך די בעסטע וואָס מיר פארמאָגן.

— קומט, איר גייט? — פרעגט ער שטילערהייד בעקער'ן.

— משוגע, מיינע שונאים! — לאָזט זיך בעקער ניט רירן פון אָרט — מען האָט דאָך ערשט אָנגעהויבן לייענען.

שאַפּירא איז אליין אוועקגעגאנגען.

* * *

אין אזא נאַכט, א ליכטיקע, איז דער נאָרוועגישער רע־פּאָרטער געפלויגן אין א לופט־שיף איבער דעם ווייטן קאַלטן, ליכטיקן גרינלאַנד, וואו די נעבכ זיינען ווייס און עס ציען זיך די אייז־בערג אין דעם לאַנד פון אייביקן ווינטער.

און ער האָט היינט די נייס פון דעם נאָרוועגישן רע־פּאָרטער איבערגעשריבן פון אן ענגלישער צייטונג.

און עטל וואוינט דאָ ערגעץ ניט ווייט. שלאָפט מסתמא. ווי אַזוי זעט אויס איר פּנים ווען אירע אויגן זיינען פאַר־מאַכט? די אויגן פאַרמאַכט, זעט זי ניט ווי די קאָלדערע האָט זיך אַרויפגעקאַטשעט און עס זעען זיך אַרויס אירע פיס. אינגאַנצן, ביז אַרויף.

— עטל !...

ער דערמאָנט זיך אַז זי האָט אים באַטאָג איבערגע־געבן אַ „טעלעפאָן־קאָל" און ער האָט נאָך אפילו קיין קוק ניט געטון פון וועמען עס איז. האָט ער אַ זוך געטאָן צווישן די קעשעניעס און געפונען דאָס שטיקל פּאַפּיר וואָס עטל האָט אים געגעבן.

דאָס האָט אסתר לובין, די דראַמאַטישע שוישפּילערין פון דעם אידישן טעאַטער אים אָפּגערופן. ס' איז געווען צוגעשריבן : זייער וויכטיק.

די לעצטע צוויי ווערטער זיינען זיכער צוגעשריבן גע־וואָרן פון עטל'ען אליין. כמעט יעדן מאָל ווען איר קומט אויס זיצן ביים „סוויטשבאָרד" און אַ פרוי רופט אים אָפּ בעת ער איז ניטאָ אין דער רעדאַקציע, נעמט זי אַרונטער דעם טעלעפאָן נומער און שרייבט אליין צו : זייער וויכטיק. זי שמייכלט ווען זי גיט עס אים איבער און עס זעען זיך אַרויס אירע פּורפּור־ווייסע ציין, וואָס מאַכן נאָך פאַרשאָטנטער, שוואַרצער אירע לויטערע אויגן.

— זי האָט געזאָגט אַז ס' איז זייער שטאַרק וויכטיק און האָט געבעטן אַז איר זאָלט איר ב א ל ד אָ פּ ר ו ־ פ ע ן . . . — זאָגט עטל צו אים און ער פילט דאָס וואָס ער פילט אַלעמאָל ווען זי רעדט צו אים : אין איר נאָענט־קייט צו אים, איז דאָ אַ שטאַרקע ווייטקייט, אַ טיפער אָפּגרונט וואָס שיידט איר אָפּ פון אים. וואָס איז עס,

אַט די טיפקייט און אַט די ווייטקייט? איז עס אַט דאָס וואָס צו איר פילט ער ניט קיין פּיזישן באַגער? וואָס ער איז אַלעמאָל אָנגעפילט מיט אַזאַ אַכטונג און פאַרהייליגונג צו איר?

ער, דער מענטש פון וואָכעדיגקייט, וואָס זעט דאָס גרויקייט פון לעבן, דערהויבט זיך צו פאַנטאַסטישעס, דערפילט דעם בלענד פון צויבער ווען ער איז נעבן עטלען, ווען זי שטייט אַזוי נאָענט צו אים און איז אַזוי ווייט פון אים.

זאָל ער איצט גיין צו אסתר לוביץ?

איין זאַך איז זיכער — זי וויל אים ניט זען צוליב קריגן „פּובליסיטי" אין דער צייטונג, ווי די מערסטע פון די אַנדערע שוישפּילער. כאָטש זי איז אַזוי צופרידן ווען מען דערמאָנט איר נאָמען אין דער צייטונג, פּונקט ווי זי וואָלט ניט געוועזן די „לידינג ליידי", די הויפּט־שוישפּילערין פון דעם טעאַטער, נאָר אַן אָנפאַנגערין שוי־שפּילערין וואָס מאַכט אירע ערשטע טריט אויף דער בינע, מיידט זי אָבער אויס די ספּעציעלע „גוט פריינטשאַפט" מיט די שרייבער, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַנדערע פון איר פּראָפעסיע.

מסתמא, טראַכט ער, האָט זי אים גערופן צו דורכ־ריידן זיך מיט אים גלאַט אַזוי. זי איז פול מיט שטימונגען, און זי האָט דאָ קיינעם ניט אין דער פרעמדער שטאָט וואו זי איז דאָ דעם ערשטן ווינטער, צו דורכריידן זיך אינטים, צו פּלוידערן אַביסעל, אומגעשטערט.

א ווארעמען געפיל האָט צו איר שאַפּיראָ. מער ווי אַלץ און פאַרוואָס סע ניט איז, ווערט ער אָנגעגריפן פון איר פאַרנאַכט, פון דעם פאַרגיין פון איר יוגנט.

אין נויאָרק, ווען ער האָט איר געזען שפּילן, איז זי געווען אין איר בליאונג. ס׳ איז געווען די צייט פון איר יוגנט, פון איר בארימטקייט. די אידישע טעאַטער־רעצענזענטן האָבן געזוכט איר נאַענטקייט, איר פּריוואַט־שאַפט. זיי האָבן זיך געפרייט ווען זי האָט געשפּילט אין גוטע ליטעראַרישע פּיעסן און ס׳ האָט זיי געערגערט, ס׳ האָט זיי שטאַרק פאַרדראָסן ווען זי האָט געשפּילט אין א שונד־פּיעסע, אין א מעלאָדראַמע.

איין אידישער שרייבער, וואָס איז פארליבט אין דעם שיינקייט פון וואָרט שפּיל, וואָס האָט די אייגנשאַפט און די פייאיגקייט צו זעען און צו שפּילן זיך מיט די שטראַלן פון דער זון און זיין אויער פארנעמט אמאָל דאָס שטילע, דאָס אייביקע געזאַנג פון דער וועלט, האָט פון איר שיינקייט, פון איר שלאַנקן רייץ בלומען און קוויטן געריסן. זי איז פאַר אים געווען קאַרא — די אַראַבער־מיידל, מיט דעם בלענדענדיקן שווינדלדיקן טאַנץ פון זיבן שלייערן ארונטער, און זי איז פאַר אים געווען די שטילע אידישע טאָכטער מיט די שווארצע בענטש־ליכט אויגן, וואָס אין אירע שווארצע זיידן־האָר זיינען ארייננעפאַסט געוואָרן די דימענטן און פון אירע אויערן הייגנען ארונטער אוירינגלאַך וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אף שיפן וואָס זיינען געקומען פון אינדיע.

איצט איז שוין דער שרייבער מיד און ערנסט געוואָרן. שפּילט זיך מיט זיין אייגענעם שפּיל פון אמאָל. מעסט דעם שאָטן פון זיין אמאָליקער הויכקייט און הערט זיך צו צו דעם קלאַפּן פון זיינע טריט.

און זי — אסתר — 

א וואַרעמער ליכטיקער סעפּטעמבער טאָג. וואָס פילט

אָן מיט ביינקשאַפט פאַר דעם זומער וואָס פאַרגייט מיט שטילע טריט.

ווען שאַפּיראָ איז אָנגעקומען צו דער הויז וואו זי וואוינט, האָט ער איר געטראָפען אָנקומען פון טעאַטער.

זי האָט אים באַגעגנט א ברוגז׳ע.

— וואָס זיינט איר ניט געקומען צו מיין ערן־אָוונט ?
— האָט זי געפרעגט מיט פארדראָס.

— ווען ?

— היינט.

— היינט ? ווער האָט עס געוואוסט ?

— איך האָב אייך היינט גערופן. געבעטן איר זאָלט מיר צוריקרופן. געוואָלט אייך בעטן, אז איר זאָלט קומען צו דער פאָרשטעלונג.

— און וואָס האָט איר געשפּילט ?

— געשפּילט די „קאַמיליען־דאַמע”. קומט, איר גייט ארויף צו מיר אביסל ?

— זיכער. געווען אן עולם א גרויסער ?

— דער טעאַטער איז געווען פול. און איר האָט טאַקע גאָרניט געוואוסט אז ס׳ איז היינט מיין ערן־אָוונט ?

— ניט אָנגעהויבן וויסן. כ׳ וואָלט ניט געקומען ? וואָס ?

— כ׳ וויים ?

זי האָט אויפגעשלאָסן די טיר פון איר וואוינונג און געמאַכט ליכטיק.

— הערט איר, בחור טייערער, האָב איך היינט גע־שפּילט א קאַמיליען־דאַמע! — האָט זי זיך מיטאַמאָל באַגייסטערט, ווי דאָס וואָלט געווען פון דער פּלוצים'דיקער ליכטיגקייט אין איר צימער — יעדן איבר איז מיר גע־קומען אויסקושן פאַר אזא שפּילן. מענטש איינער, איך בין דאָך א גרויסע קינסטלערין. א ריזיקער טאַלאַנט!

עס איז געווען שפּיל אין אירע רייד. שפּיל אין איר גאַנצער באַנעמונג.

— איהר הערט, שאַפּיראָ — האָט זי אָנגעהאַלטן דעם זעלבן טאָן — אַלע שוישפּילער וואָס האָבן מיט מיר גע־שפּילט, די פּאָר גוטע און די שלעכטע, האָבן זיך היינט דערהויבען צו א מערקווירדיקער הויכקייט. איך האָב זיי מיטגעצויגן, מיטגעריסן מיט זיך. כ'האָב געשוועבט ווי א מלאך, ווייט און הויך און העכער פון העכער, און אַלע זיינען מיטגעפלויגן. געצויגן זיך צו מיר. צו מיר!...

זי האָט אויסגעטאָן די אויבערשטע קליידער און זיי צוואוואָרפן איבער דעם גרויסן צימער וואָס איז געווען אין א זייט פארשטעלט מיט א פאָרהאַנג. זי האָט גע־וואָרפן דעם רויטן מאַנטל אף א ביינקל, די הוט אויפ'ן בעט און די האַנט־שו, וואָס זי האָט געהאַלטן, האָט זי א וואָרף געטאָן שאַפּיראָ'ן אין פּנים אריין.

— ס' איז מיין אָוונט. ס' איז מיין נאַכט, און שטיל זאָל זיין!

שאַפּיראָ איז געוואָרן מיטגעריסן פון איר פרייד, פון איר שפּיל.

—הו־האַ, הו־האַ! — האָט בערטאַ גענומען שרייענדיק

זינגען און זיך צולאָזט אין א טאַנץ ווי אַן אפריקאַנערין.
— הו־הא, הו־הא! — זי האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך, פאַרשפּיציגט די באַוועגונגען פון אירע פינגער, געזינגען העכער און ווילדער, זיך געדרייט ארום שאַפּיראָ'ן ווי אין אַן אָריענטאַלישן רייץ־טאַנץ, אים נאָכ־דעם ארומגעכאַפּט, געטאַנצט מיט אים, זיך שטאַרק א דריק געטאָן צו אים, זיך אָפּגעריסן צוריק, אים געגעבן א שטויס־אָפּ פון זיך, ווידער אליין געטאַנצט, קלאַפּענדיק מיט די הענט, און דאַן איז זי צוגעלאָפן צום פענסטער, אים אַן עפן געטאָן און א געשריי געטון אין דער נאַכט אריין:
— יו־הו!...

זי איז פּלוצים געבליבן שטיין נעבן אָפענעם פענסטער ווי אין דערשרעק. שטיל, אָנגערעגט פון עפּיס.
שאַפּיראָ איז צוגעגאַנגען צו איר, דערפילט פון וואַנען די שנעלע ענדערונג איז געקומען. זי האָט מיט איין האַנט אָנגענומען זיינע און מיט דער אַנדערער געוויזן אין דרויסן, רעדנדיק שטיל:

— נאַכט... קעלט. שטילקייט. רו.

ער איז געשטאַנען נעבן איר באַם אָפענעם פענסטער און געקוקט אין דרויסן ארויס. דער ברייטער בולוואַר איז געלעגן א טונקעלער, א מאַטער, מיט דעם אָפּשיין פון עלעקטרישע לאָמפּן. די הייזער אַנטקעגן זיינען געשטאַנען טונקעלע, ווי פאַרבאָרגן אין זיך.

פון ערגיץ איז אָנגעקומען א הונט מיט א לאַנגן פאַר־בויגענעם עק, האָט מיט די נאָזלעכער ארומגעשמעקט און עפּיס געזוכט, און איז נאָכדעם הינטערלויפנדיק אוועק אַפּ'ן טראָטואַר.

— מען מעג צו אייך ריידן ווי צו׳ן א מענטשן ? — האָט אסתּר לובין געפרעגט שאפּיראָ׳ן.

— וואָס מיינט איר ? — האָט ער געפרעגט.

— כ׳וויים ? — האָט זי געזאָגט — איר וועט אפשר זאָגן אז איך בין א סענטימענטאַלע פרוי. אָבער איך האָב רחמנות אַף אָט דעם הונט... ס׳ איז אים קאַלט און ער איז הונגעריק.

— זאָל איך אים גיין ארויפברייינגען אהער ?

— איר ווילט ?

אין א פּאָר מינוטען ארום איז שאפּיראָ אריינגעקומען אליין.

— ער איז ערגיץ אוועק אין איך וויים ניט וואו.

זי איז געשטאַנען א נאַאיווע, א פארזאָרגטע.

— פארוואָס באַוואָרנט מען ניט קיין הינט, אז זיי זאָלן ניט דארפן ארומבלאָנדזיען הונגעריקע אין די קאַלטע נעכט ? — האָט לובין געפרעגט, און שאפּיראָ האָט ניט געוואוסט צו זי פילט טאַקע אזא רחמנות צו דעם הונט וואָס איז ערשט דורכגעלאָפן, אָדער זי האָט אַף זיך ארויפגעצויגן דעם רחמנות, און די פראגע שטעלט זי זיך גלאַט אזוי — וואָס שווייגט איר ?

—און מענטשן באַוואָרנט מען, אז זיי זאָלן ניט דארפן ליידן קיין הונגער און קעלט און אלערליי צרות ? — האָט ער זיך ניט־ווילנדיק אריינגעלאָזט אין א דיסקוסיע. געוואוסט וואָס זי גרייט זיך אים ענטפערן דארויף און אליין באַלד נאָך דער פראגע געגעבן דעם ענטפער : — אָ,

מענטשן קאָנען זיך אַליין באַוואָרענען, באַזאָרגן. אָבער הינט, נעבאַך, שטומע באַשעפענישן — — —

אסתר האָט זיך אוועקגעזעצט, געהאַלטן איר קאָפּ אָנ־געשפּאַרט אויף ביידע הענט, געקוקט אויף שאַפּיראָ'ן מיט א נייעם געפיל וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אין איר דערוועקט.

—ווי געפעלט אייך מיין צימער?

שאַפּיראָ האָט שנעל ארומגעקוקט דעם גרויסן צימער וואָס איז צוטיילט אויף צווייען.

— ס׳ איז דאָ גוט, אנגענעם. אינטים־פּרוויאיק. דער צימער איז ווי אויפגעבויט פאר א פרוי, א שוישפּילערין.

— טאַקי געטראָפן! — האָט מאַדאַם לובין זיך צו־לאַכט — פאר מיר האָט דאָ געוואוינט א „גיינגסטער". א מערדער.

— אזוי וואָלט זיך אייך וועלן?

— אזוי איז געווען — איז לובין געוואָרן ערנסט — — ער האָט זיך ארויסגעצויגן פון דאַנען א וואָך פריער איידער איך האָב זיך אריינגעקליבן אהער. איינמאָל, א באַנאַכט האָב איך געהאַט דאָ די פּאָליציי. מ׳איז געקומען אים זוכן. מ׳האָט אפילו געפונען זיין געווער.

— און איר האָט נאָר קיין מורא ניט דאָ צו וואוינען?

— פרעגט איר שאַפּיראָ — אפשר קומט ער אריין אַמאָל אהער ביינאַכט, זוכן זיין געווער, וואָס ער האָט דאָ גע־לאָזט, אָדער וואָס?

אסתר׳ס אויגן זיינען געוואָרן גרעסער. א פרייד האָט איר ארומגעכאַפּט.

— איהר דיינקט טאַקע, אז ער קאָן אַמאָל קומען אהער?

א יאָ, סע קאָן זיין? אָפּט מאָל ליג איך באַנאַכט אין מיין בעט און וואַרט... איך שטעל זיך פֿאָר ווי אָט גיט א קלאַפּ אין טיר און איך ווער אַזוי דערשראָקן... און דאַן לויף איך צו צו דער טיר און עפן זי אויף, און ער, דער יינגסטער, דער מערדער, באַווייזט זיך. פֿול מיט יוגנט און מיט קראַפט אין זיינע אויגן — אַזעלכע גזלנ׳ישע. און איך פֿאַרבעט אים אין מיין צימער און ער איז מיין גאַסט, און גרייט איז פאַר אים מיין קערפּער, מיין לייב. דאָס לייב פֿון א אידישע טאָכטער מיט פֿרומע בענטש־ליכט אויגן. און די נאַכט איז גרויס און די נאַכט איז פֿינסטער, און ער, דער פֿירער פֿון דער מערדער באַנדע, איז מיין גאַסט, מיין געליבטער, און איך זע זיינע שאַרפֿע גזלנ׳ישע אויגן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט.

זי איז א ווייל שטיל געבליבן.

— אָבער ער קומט ניט. ס׳ א פֿאַנטאַזיע נאָר אַזעלכע.

און דאַן האָט זי אַף שאַפּירא׳ן א קוק געטון מיט א פֿאַרשייטן הנאה׳דיקן בליק, אים מיט ליידנשאַפט א קוש געטאָן.

—בלייבט דאָ היינט מיט מיר — האָט זי מיט פֿריי־לאַכקייט געזאָגט — איהר וועט היינט מיין יינגסטער זיין... ווילט איר?...

און נאָכדעם ווי זי האָט עס געזאָגט, האָט זיך אַף איר פּנים א רואיגקייט און א פֿרומקייט באַוויזן. מיט שטילע טריט איז זי צוגעגאַנגען אין דעם אַנדערן האַלבן צימער, וואו די בעט איז געשטאַנען. זי האָט דעם פֿאָרהאַנג אינ־גאַנצן איבערגעצויגן, אכטונג געגעבן אַז עס זאָל זיך גאָר־ניט אָנזען און ווען זי איז געבליבן מיט איר הוילן וואַרעמען קערפּער, איז זי אַף דער גיך אונטער דער קאָל־

דערע ארונטער, זיך איבערגעדעקט ביז איבער'ן האלז און מיט א געבעט אין קול אין דעם אנדערן האלבן צימער אריינגערעדט:

— איר וועט אזוי גוט זיין, שאפּירא — — —

ס' איז פינצטער געוואָרן.



II

עטל איז געשטאַנען אין דער געדיכט־אָנגעפּילטער איינ־גער טראַמוואַי, אָנגעשפּאַרט מיט ביידע פיס צו א זייט־באַנק.

אין דער קאר זיינען געפאָרן שאַפּ ארבעטער און אָפּיס אָנגעשטעלטע. עס זיינען געווען אויסגעזעצט אַלע ביינק. דער דורכגאַנג איז געווען פארנומען מיט שטייענדיקע בא ביידע זייטן. ס׳ האָבן זיך געהערט פאראינטערעסירטע שמועסן, צייטונגווייז א געלעכטער פון א מיידל און כמעט בא יעדן מאָל איידער די קאר האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך עמיצער געשטופּט צווישן די צוויי שטייענדיקע רייען. אמאָל מיט א שטאַרקער שפּאַרעניש און אמאָל אפּהיטנדיג די אנדערע און דורכגייענדיק מיט א לייכט־קייט.

אף דער פּלאַטפאָרם, באַם קאָנדוקטאָר וואו ס׳ איז געווען איינגער ווי אומעטום, און וואו אייניקע זיינען גע־געשטאַנען אויף דער אריינגאַנג־ברעט מיט איין פוס און מיט דער אַנדערער זיך נאָכגעהאַנגען, איז געווען א מאָדנע פריילאַכקייט.

אַלעמאָל האָבן זיך געהערט פריילאַכע שטיפערישע קולות:

— לאָז איר ארויסגיין!

—לאָזט דורכגיין א פרוי מיט דריי פיצלאַך קינדערלאַך!

— מיינע פּיס!

— מיינע אַקסלען!

— היט זיך פאַר גנבים!

ס׳איז געווען ווי איינער וואָלט זיך אונטערגענומען אַרויסהעלפן דעם אַנדערן, ווי איינער דעם אַנדערן וויל אַריבערשטייגן מיט אַ חכמה, מיט עפּיס אַן איינפאַל.

דער קאָנדוקטאָר, אַ יונגער בחור, מיט אַ פּאָר קלוגע ריר־עוודיגע אויגן, איז געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ, ניט אַ ריר צו טון זיך, אַ מאָל האָט ער געגעבן אַ וואונק מיט אַן אויג צו איינעם פון די פּאַסאַזשירן. מיט אַן איינגעפּרעסטע האַנט, וואָס קאָן ווייט ניט דערגרייכן, האָט ער גענומען די „קאַר פעיר״ פון די פּאַסאַזשירן.

— אָלרייט? — געפרעגט בײַ דער זייט פון דער פאַר־שטעלטער טיר.

— וואַרט אַ ווייל! אָלרייט! — באַקומען אַן ענטפער. אַרויפגעצויגען די האַנט צום שטריקל און געגעבן אַ קלונג צום מאָטאָרמאַן.

ער זאָרגט זיך ניט. ס׳וועט ניט געדויערן לאַנג און ס׳ וועט בלייבן אַן אויסגעליידיגטע קאַר.

עטל איז געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין אָפּיס, באַם „סוויטש־באָארד״ און בײַ אַנדערע אַרבעט. זי האָט ניט געפילט קיין מידקייט אין די פּיס. אָבער דאָס וואָס מען שטופּט זיך אַזוי אָפּט דורך איר און די שטאַרקע איינגעשאַפּט אין קאַר, האָט איר געמאַכט צום פילן זיך אומבאַקוועם. זי האָט שטאַרק געוואָלט זיך אוועקזעצן און זיך באַרואיקן פון דעם טומעל.

נעבן איר איז געזעסן אַ בחור מיט רויטע האָר, מיט

אַ פּנים מיט זומער־שפּרינקלאַך און געלייענט אַ צייטונג. ער האָט פון דער צייטונג די אויגן ניט אַרונטערגענומען. ווען זי איז אַריינגעגאַנגען און זיך אוועקגעשטעלט נעבן אים, האָט ער גענומען מיט גרויס אינטערעס קוקן אין דער צייטונג און די גאַנצע צייט זיינען זיינע אויגן אַריינגעטון אין די שורות.

אַז ער איז ניט פאַראינטערעסירט אין דער צייטונג — אין דעם איז עטל זיכער.

דער אויסדרוק אויף זיין פּנים איז אַ צווייענדיקער: אַ ניט צופרידנקייט וואָס ער קאָן די אויגן ניט אויפהויבן, ווייל הויבט ער זיי אויף און זעט וואָס ס׳ טוט זיך אַרום אים, וועט ער דאַרפן זיך אויפשטעלן.

און אַ באַהאַלטענער פאַרגעניגן וואָס דערווייל קאָן ער זיצן... וואָס איז, ער האָט ניט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג בייַ דער מאַשין? ער האָט ניט באַצאָלט קיין קאַרפעיר? דאָס ביסל פאַרגעניגן פון זיצן, קאָן ער דאָך האָבן!

אָבער שמייכלענדיק צו זיך אַליין, האָט עטל בייַ זיך אָפּגעמאַכט אַז אָט דער רויטער בחור וואָס מאַכט זיך אַזוי תּם׳עוואַטע, מוז איר אוועקגעבן זיין פּלאַץ. ז י י ן פּלאַץ. זי זאָל אפילו האָבן אַן אַנדערן, וועט זי זיך ניט אוועקזעצן. נאָר אָט דאָ אָ.

אַ פאַרגינעניש פון אַ מענטשן — האָט זי ניט געקאָנט פאַרליידן — ער זיצט! זיצט און מאַכט זיך ניט־וויסענדיג פון גאָרנישט. וואָס וואָלט ער געטאָן ווען לעבן אים שטייט אַ שוואַכע פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט?

אַזאַ גראָבקייט פון אים!

אָבער זאָל ער זיך נאָר אַרומקוקן. וואָס וועט זיין, אַז

ער וועט איר דערזעען, וועט ער זיך אויפהויבן און איר אפגעבן זיין פלאץ?

זי איז זיכער אז יא. און דאס באַרואיקט איר. שטעלט איר צופרידן.

און וואס מער זי איז צופרידן, וואס מער זי קומט אריין אין א בעסערער שטימונג, אלץ שטארקער ווילט זיך איר אויספירן אירס...

זי שטעלט אן אף אים אירע לויטערע שווארצע גוטמו־טיקע אויגן, קוקט אף אים ווי זי וואלט וועלן אין דער טיפעניש פון זיין נשמה אריינגעדרינגען, און ווי זי וואלט זיך געבעטן בא אים:

— פאלג מיר. גיב א קוק אף מיר...

און קוקענדיג אזוי אף דעם רויטן בחור וואס זיצט און קוקט אלץ אין דער צייטונג אריין, דערמאנט זי זיך אין א זאך וואס האט געטראפען מיט א צייט צוריק. אביסל האט זי אליין געזעען. דאס איבעריקע האט איר שאפירא דערציילט:

א בחור איז ארויפגעקומען אין דער רעדאקציע זיך אויסריידן דאס הארץ און פרעגען אן עצה.

אן אומעטיגער, א פארטרויערטער, איז ער געשטאנען נעבן שאפירא'ן און אים דערציילט:

ער האט זיין מאמע'ן שוין א פופצעהן יאר ניט געזעען. אין א שטעטל אין רוסלאנד געפינט זי זיך. זי וויל אים, איר זוהן, בא איר לעבן כאטש איין מאל נאך זען... און ער... מען פארשטייט דאך, א זוהן. פופצן יאר ניט געזען. וויל ער איר ברייננגען אהער. האט זי שוואכע אויסגעוויינ־

טע אויגן און די „קוואָטא״, פאַרשלאָסענע טויערן דאָ אין לאַנד. זי קאָן ניט אַריינקומען. זיי קאָנען זיך ניט זעען. וואָס קאָן ער טון?

שאַפּיראָ האָט אין אים געזען דעם צ ע ר, דעם טיפן טרויער פון אַ מענטשן וואָס לעבט איבער די ערנסטע פּייניגונג און קיינער קאָן אים ניט העלפן.

שאַפּיראָ האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַן עצה אים געבן און דער בחור האָט געוואוסט נאָך פריער אַז אין דער צייטונג וועט מען אים ניט קענען אַרויסהעלפן. אָבער עס איז אים באַפאַלן אַזאַ שווערינקייט אַז ער האָט ניט געקאָנט האַלטען באַ זיך אַליין פאַרבאָרגן דעם ווייטיק, איז ער געקומען פאַר עמיצן זיך אויסריידן.

בעת דער בחור איז געשטאַנען אַ פאַרזאָרגט־פאַרטרויערטער און שאַפּיראָ נעבן אים, שטאַרק גערירט פון זיין צער, איז זי, עטל, אַרויפגעקומען אין דער רעדאַקציע.

זי האָט באַלד אויפגעכאַפּט אין דעם בליק פון דעם בחור זיין פאַרצווייפלונג און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פריינדליכקייט און מיט נייגיר.

און דאָ איז געשען עפּיס אַזוינס וואָס שאַפּיראָ האָט עס ניט געקענט פאַרשטיין. די אויגן פון דעם בחור האָבן גענומען אויפלויכטן. די אויבערשטע ליפּ וואָס איז געווען איינגעפּרעסט אין דער אונטערשטער, האָט זיך אויפגעהויבן און צווישן די ליפּן האָט זיך אַ דינער שמייכל אויסגעשפּרייט. דער גאַנצער אויסדרוק אויף זיין געזיכט האָט זיך געביטן, ווי באַ אַ קינד פון געוויין צו איבעראַשונג, ווען ער דערזעט עפּיס פּלוצים אויסערגעוויינלאַכעס.

ער האָט שוין מער ניט געקוקט אויף שאַפּיראָ׳ן... זיינע אויגן האָבן זיך אין עטל׳ען איינגעקוקט ווען זי האָט

נאָכדעם שאפּיראָ'ן עפּיס געפרעגט, און אז זי האָט זיך געלאָזט ארונטערגיין, האָט דער בחור, וואָס איז נאָר־וואָס אזוי פאַראומערט געווען, א זאָג געטאָן מיט א קול אינגאנצן א געביטענס:

— הייסט עס, מען קאָן גאָר ניט טון! — און ער האָט זיך געלאָזט ארונטערגיין נאָך עטל'ען.

אז מ'קען גאָרניט טון — קאָן מען ניט!

עטל האָט באמערקט די ענדערונג וואָס איז אין דעם מענטשן פאָרגעקומען מיט איר באוווייזן זיך. זי איז דער־פאר באלד נאָכדעם ווי דער בחור איז ארוים אין דרויסן און געגעבן דעם לעצטן קוק אף איר, צוריק ארויף צו שאפּיראָ'ן און אים געפרעגט:

— וואָס איז דאָ געווען? וואָס האָט דער מאַן געוואָלט?

שאפּיראָ איז אינגאנצן געווען אונטער'ן איינדרוק פון דעם וואָס ס'איז נאָר־וואָס פאָרגעקומען, און אזוי ווי עטל וואָלט אינגאנצן פון גאָרניט געוואוסט, האָט ער מיט באַ־גייסטערונג, מיט גרויס באוואונדערונג איר אלץ דערציילט, און נאָכדעם צוגעגעבן ווי ער וואָלט עס דערציילט פון אַן אַנדער מיידל:

— ווי געפעלט אייך אזא מין געשיכטע? א קראפט פון א פרוי!

— סע געפעלט מיר שוין גאָר... — האָט זי געשמייכלט — נאָר איר האָט עס מיר ניט געדארפט דערציילן.

— פארוואָס? — האָט ער ניט פארשטאנען.

— ווייל... — זי האָט שוין געוואָלט פארדרייען מיט עפּיס אנדערש, נאָר דאָס מויל אירס האָט שוין, דאכט

זיך, אליין גערעדט: — איך וועל זיך צו שטאַרק איבער־נעמען. איך וועל ווערן באַ זיך צו גרויס...

און זי איז באַלד אַרונטערגעגאַנגען.

אין איר פאַרטראַכטן זיך פון יענער פּאַסירונג, האָט עטל ניט באַמערקט ווי דער רויטער בחור האָט זיך אויפ־געהויבן, איז דורך איר דורכגעגאַנגען און איז אַוועק.

זי האָט זיך ערשט אַ כאַפּ געטון, אַזוי ווי פון שלאָף אויפגעוועקט, ווען דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופן דעם נאָמען פון דער גאַס וואָס איז איין אָפּשטעל פון דער, וואו זי דאַרף אַרונטערגיין אַהיים.

זי האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

* * *

אַז עטל איז שוין געווען נעבן הויז, איז איר אַנטקעגן געקומען איר עלטערע שוועסטער, מיימי.

מיימי, דינער און אַביסל העכער פון עטל'ן און מיט בלויע אויגן און בלאָנדע האָר, אַרומגעגרייזלטע, האָט געטראָגן אַף זיך אַ „פרעמדן" פּנים.

איידער זי איז אַרויסגעגאַנגען, איז זי לאַנג געשטאַנען באַם שפּיגל און זיך געפּוצט. די ליפּן האָט זי מיט רויטס אָנגעשמירט אַזוי געדיכט אַז עס האָט זיך מעהר אָנגעזען די שאַרפקייט פון דער רויטער פאַרב ווי די ליפּן. די באַקן, אַביסל איינגעפאַלענע, זיינען געווען מאַסאַזשירט מיט קריעם, געדיכט אָנגעפּודערט און מיט שמינקע באַ־שמירט. די ברעמן מיט פּעטס איינגעשמירט און איינגע־טיילט אין אַ געוויסע צאָל, די האָר זאָלן זיין שיטערער און עס זאָל זיך מער אַרויסזעען די בלויקייט פון אירע

אויגן. צוויי האלב לבנה׳דיגע בלויע צייכנס זיינען אונטער די אויגן געווען ארונטערגעצויגן.

ביידע שוועסטער האָבן געשמייכלט ווען זיי האָבן זיך דערזען פון דער נאָענט און זיך אָפּגעשטעלט.

— וואוהין גייסט עס ? — האָט עטל געפרעגט.

— אוועק׳הרג׳ענען אן אָוונט — האָט מיימי געענטפערט.

כאָטש זי אליין קומט קיינמאָל ניט צו עטל׳ען איר דערציילן ווי אזוי, און מיט וועמען זי פארברייינגט די אָוונטן, איז אָבער אז עטל פרעגט איר, איז זי גרייט צו דערציילן וועגן זיך אלץ. דער טאַטע רעדט מיט איר ווינציק. ער פארהאלט זיך צו איר ווי צו א קינד וואָס איז אינגאַנצן ארונטער פון גוטען וועג און ער האָט מיט איר גאָרניט וואָס צו טון.

די מאַמע איז א גוטע. זי לאָזט איר גיין און טאָן וואָס זי וויל. אָבער ווען זי טוט עס, ווערט זי דעמאָלט פארוואנדעלט אין א גלייכגילטיקע פרעמדע פרוי וואָס די גאַנצע גוטסקייט און צערטלאכקייט איז פון איר אראָפּ. עס קומט אוים: דו גייסט זיך דיין וועג, גיי! וועמען ארט עס ?

עטל איז די איינציקע אין הויז וואָס פרעגט זיך ביי איר נאָך, רעדט איר אמאָל אוים און פארשטייט איר.

זי וויל איר וועג ניט גיין, אָבער זי קאָן דעם וועג.

אמאָל אין אן אָוונט האָט איר מיימי מיטגענומען מיט זיך. זי האָט איר געפירט אין דעם באָהעמישן קווארטאַל, אף דער נאָרט סייד. זי איז ארייננעגאנגען מיט איר צו א באַקאנטן איר׳ן, א יונגער מאַלער פאר וועמען זי פאָ־

זירט אָפּט אַלס אַ מאָדעל־מיידל. דאָרטן זיינען געווען
גאָך אייניקע מאַלער, אַ דיכטער און אַ מאַלערין, אַן על־
טערע מיידל מיט מענערשע מאַנירן. עטל איז אַריינגע־
צויגן געוואָרן אין דעם געשפּרעך וואָס די גרופּע האָט
געפירט, אַ שמועס וואָס האָט איר גראָד פאַראינטערעסירט.
אָבער זי האָט דאָרט לאַנג ניט געוואָלט זיצן. זי האָט
געהאַט דעם געפיל אַז די מענטשן דאָרט זיינען פון אַן
אַנדער וועלט, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט דער וועלט
אין וועלכע זי גייט אַרום.

מיימי האָט איר נאָכדעם געפירט אין „דיל פּיקל", אַ
פּלאַץ צו וועלכן ס' האָט איר שוין לאַנג געצויגן צוליב
דעם פּיקאַנטן נאָמען.

זיי זיינען דורך אַ שמאָלער הינטער־טיר, מיט אַ דורכ־
גאַנג פאַר איין מענטשן אַריינגעגאַנגען אין אַ זייער לאַנגן
שמאָלן צימער, אַ האַלב טונקעלן. די ווענט זיינען געווען
פאַרקלעפּט מיט בילדער און פּאָדער־בלעטער פון סעקסועלע
זשורנאַלן. נידעריקע הילצערנע בייַנק אין דער לייַנג. גע־
דיכט באַזעצט, מערסטענס מיט יונגוואַרג. מ' איז אויך
אין איינגעשאַפּט געשטאַנען אַרום די ווענט.

אַ מאַן, אַ נידעריקער, פון אַ יאָר עטלאַכע און פערציק,
מיט אַ געל בערדל, אַ פאַרקאַמטס, אַן אָפּגעהיטס, איז גע־
שטאַנען אַף אַ נידעריקער פּלאַטפאָרם און גערעדט לאַנג־
זאַם מיט אַן אַנגענעם קול. אַלע מאָל האָט אים עמיצער
פון עולם איבערגעשלאָגן, אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

דער מענטש מיט'ן געלן בערדל האָט זיך ניט גענומען
צום האַרצן וואָס מ' שלאָגט אים איבער און ער האָט
זיך ווייטער גערעדט. גערעדט אַף דער טעמע: „צי ס'
איז דאָ אַ יענע וועלט?" און אָנגעוויזן אַז ס' איז ניטאָ

קיין לעבן נאָכ'ן לעבן. אָט דאָ ענדיקט זיך עס. פון
יענער זייט לעבן איז ניט גרעניץ, נאָר סוף, ענד. טויט
איז א באגריף וואָס נוצט נאָר פאר לעבעדיקע. טויט
איז מאָמענט. נאָכ'ן טויט איז גאָרנישט.

— דער וואָס רעדט, איז „ליטל קיד" — האָט מיימי
דערציילט עטל'ען.

עטל האָט א שמייכל געטאָן פונ'ם נאָמען.

— וואָס איז ער עס? — האָט זי געפרעגט.

— „ליטל קיד" ווייסטו ניט? — האָט זיך מיימי
געוואונדערט און איר שטילערהייד דערציילט — בא לייטישע מענטשן איז ער א שווינדלער. ער פעלשט טשעקס.
ער פארקויפט זאכן וואָס זיינען אף דער וועלט ניטאָ, אָדער
וואָס האָבן מיט אים קיין שייכות ניט. מ' זאָגט, אז ער
האָט שוין אמאָל צו א פארמער פארקויפט דעם שיקאַגער
סיטי האָל פאר א פּאָר הונדערט דאלאר.

עטל האָט זיך שטארק פאראינטערעסירט אין זיין ריידן
און מיימי האָט איר ווייטער דערציילט:

כמעט יעדער וואָך ארעסטירט מען אים. ער שטייט
שוין אונטער טויזענטער דאלאר בעיל. אין גיכן דארף
ער גע'משפּט ווערן פאר א גאָר גרויסן שווינדל, און ער
ריכט זיך צו פארשיקט ווערן אויף א פּאָר יאָר אין פּריזאָן.
פארשטייסט, עטל, בא לייטישע מענטשן, בא אזעלכע ווי
דו, צום ביישפּיל, איז „ליטל קיד" א שווינדלער, אן אויסוואורף. **בא אונז אָבער איז ער א מענטש**, א מענטש
וואָס פילט דעם אומעט און די פרייד פון לעבן. די טעג
וואָס פארגיין און די טעג וואָס קומען.

אז „ליטל קיד" האָט אָפּגערעדט, האָט מען אַפּלאָדירט

און מ׳ האָט געפּייפט און געהוסט און געשריגן צו אים:

— דהעט׳ס די קיד!

— יו טעל ׳עם קיד!

נאָך זיין אראָפּגיין פון דער פּלאַטפּאָרמע איז ארויפגע־גאַנגען אן אנדערער. אן עלטערער מאַן מיט גרויסע אויגן, מיט א געזונטן קארק און א גרויסע קוטשמע האָר.

ער האָט גערעדט אף דער זעלבער טעמאַ, נאָר אויסגע־פירט פונקט פארקערט:

... ס׳ איז דאָ, ס׳ איז דאָ א לעבן נאָכ׳ן טויט. יענער לעבן איז ערשט דער ריכטיקער. דאָס אוועק־גיין אין דער אומענדלאַכקייט איז ערשט דער אָנהויב פון דעם וועלט־באַשאַף. דער קערפּער ווערט פארפוילט? זאָל ער פוילן. דער עיקר איז דער גייסט. דער מענטש־לאַכער גייסט. ווערט א מענטש געבוירן, איז עס אף אייביק. אייביגקייט איז ווי רוים. איי־ביק. א מענטש איז א טייל פון גאָט, און גאָט איז אומעטום און וועט אייביק זיין.

— ווער ד ע ר איז, ווייסטו? — האָט מיימי געפרעגט עטל׳ען אף דעם רעדנער.

— כ׳הויב ניט אָן וויסן.

— ס׳ איז בען ווייסמאַן.

—בא לייטישע מענטשן איז ער אויך א שווינדלער?...

— ער איז שוין אן אנדער מענטש — האָט מיימי געזאָגט — איך וועל דיר שפּעטער דערציילן.

זי האָט אויפגעכאַפּט נאָך א פּאָר ווערטער און באַלד גענומען ארייננשושקען עטל׳ען אין אן אויער אריין.

— ער איז געווען אמאָל אן אנארכיסט, אָט דער בען ווייסמאַן. אַ מענטש מיט אן אומרואיקע נשמה. ניט נעגלויבט אין גאָרניט, נאָר אין איין זאך: אין גע־רעכטיגקייט צו אָרעמע, די אונטערדריקטע. איצט איז ער געוואָרן א מיסיאָנער. ער גלויבט אין גאָט — אין דעם גוי׳אישן גאָט — און האָט זיך געמאַכט פאר זיין מיסיע ארויפצופירן פארבלאָנדזעטע נשמות אפ׳ן ריכטיקן וועג.

— וואָס זשע טוט ער דאָ? — האָט עטל ניט פאר־שטאַנען ווי אזוי ער קומט איצט אין דעם באָהעמיען קווארטאל.

— קארג פארבלאָנדזשעטע נשמות זיינען דאָ דאָ? — האָט מיימי א לאך געטאָן און ווייטער דערקלערט צו דער שוועסטער וואָס איז דאָ ס׳ערשטע מאָל און בא איר איז אלץ נייס — פארשטייסט, ער קומט אהער, ווייל כאָטש ער האָט געקראָגן א גאָט, איז ער אָבער נאָך אלץ דער אומרואיקער גייסט. א מענטש וואָס זוכט זיך אליין ארום. אלע וואָס קומען אהער, זוכן זיך. זוכן עפּיס.

„באב" דזשענינגס, דער באלעבאָס פון דעם קלוב „דיל פּיקל," אָנגעטאָן מיט „אָווערראָלס", א נידעריקער, א צופּאַ־דעלטער, וואָס קוקט אלע מאָל אוים ווי ער וואָלט נאָר־וואָס פון א טורמע ארוים, האָט הערענדיג ווי ווייסמאַן האָט זיך צולאָזט ועגן גאָט און זיין זון, גענומען אף שפּאָס זינגען א קריסטלאכע תפילה. אלע האָבן עס אויפ־געכאפּט אין דעם זעלבן טאָן און מיטגעזינגען, און העכער פון אלע האָט זיך געהערט בען ווייסמאַנ׳ס באַסאָווע שטימע. עס האָט געמאַכט מיט די הענט, געגלאָצט מיט די אויגן ארויף. ער האָט פון דעם שפּאָס געמאַכט אן ערנסט, געוואוסט גוט, אז דאָס לאכט מען אָפּ פון אים.

אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט־וויסענדיק. געטראַכט, אז אפשר זיינען טאַקע דאָ א פּאָר מענטשן, וואָס זייערע הערצער זיינען מיט אים, מיט גאָט.

ווען מיימי איז יענעם אָוונט געפאָרן אהיים מיט עטל׳ען, האָט זי איר אפ׳ן וועג געזאָגט:

— אָט דער קלוב איז נאָר איינער פון די פּלעצער וואוהין איך גיי. דער גאנצער באָהעמישער קווארטאל איז פול מיט אזעלכע. בײַ מיר איז דאָס מיין היים. אָבער דו זאָלסט מער אהער ניט גיין.

עטל האָט געפילט אז ווי ניי און אינטערעסאַנט ס׳ איז דאָ פאר איר אלץ געווען, וועט זי אָבער מער קיין חשק ניט האָבן צו קומען אהערצו. זי האָט נאָר געוואָלט וויסן פאַרוואָס די שוועסטער רעדט איר צו אז זי זאָל מער אהער ניט גיין.

— וואָס איז דאָ שלעכט? — האָט זי געפרעגט.

האָט איר מיימי גאָרניט געענטפערט אף דארויף. זי האָט נאָר א קוק געטון איר אין די אויגן אריין. געפילט אזוי ווי א פרישקייט קומט פון אירע אויגן און פון איר געזיכט ארויס, און זי האָט געזאָגט:

— ס׳ איז גוט צו האָבן אזא שוועסטער ווי דו ביזט. דו ביזט עפּעס — —

מיימי האָט אפ׳ן מאָמענט ניט געקענט זיך אויסדריקן וואָס עטל איז. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זי האָט געדאַרפט ארויסנעמען די כאראקטעריסטישע שטריכן אירע. גיבן א באַשטימטן אויסדרוק צו דעם אלגעמיינעם געפיל וואָס זי האָט צו דער שוועסטער און געבן אן אָפּשאצונג פון איר.

יענע נאַכט האָט עטל פיל געטראַכט וועגן זיך אַליין. זי האָט זיך אַריינגעטראַכט אין איר אינערלאַכן וועזן. געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן זיך און מיימי׳ן און אירע באַקאַנטע מיידלאַך. נאָכגעשטודירט אירע אייגענע נייגונגען און געפילן, און דאָס וואָס זי האָט וועגן זיך אויסגעפינען, האָט איר געמאַכט צום וואונדערן זיך פאַרוואָס זי האָט עס פריער ניט געוואוסט. זי האָט אויך געטראַכט אַז זי האָט פריער אויך געוואוסט ווער זי איז, נאָר זי האָט ניט געוואוסט אַז זי ווייסט עס...

אַן אַמעריקאַנער אידישע מיידל איז זי, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן איר אָפּגעהיט און דערצויגן אין אַ לאַנד וואָס איז פאַר זיי פרעמד, אין אַ לאַנד וואָס איז איר נאָענט און טייער.

צוויי שפּראַכן האָבן אירע אויערן פאַרנומען פון קינדווייז אָן. איינע איז געקומען ווי אַ ווינט אויף אַ פעלד, פון אומעטום. פון גאַסן, פון מענטשן, פון וואו זי האָט זיך נאָר אַ קער געטאָן. די אַנדערע האָט זיך נאָר פון טאַטע־מאַמע און פון געציילטע מענטשן געהערט, אפילו ווען זי איז אין אַ אידישער שול געגאַנגען. און ווייל די שפּראַך איז געווען טאַטע־מאַמע׳ס און זיי האָבן איר אַזוי אָפּגעהיט, איז זי איר אויך טייער געווען און זי האָט געפּרואווט איר אָנהאַלטן, ווייטער ציען דעם פאָדים, וואָס זי האָט פאַרשטאַנען אַז ער ציט זיך שוין פון דורות לאַנג.

אָבער וואָס ווייטער ווערט באַ איר די צווייטע שפּראַך שוואַכער, פרעמדער. עפּיס ווי אַ ווייטער קלאַנג פון ערגיץ־וואו.

אַמאָל, אַז זי קוקט אויף דער מאַמען, אויף שפּרה׳ן, דוכט זיך איר, אַז פון געבאָרן אָן איז איר איבערגעגעבן געוואָרן אַ

טייל פון דער מוטער׳ס נאַטור: זאָרגלאָזיגקייט און שפּי־לעוודיקייט.

שטאַרק צום האַרצן נעמט זי זיך פון קיין זאַך ניט. באַ דער מאַמע׳ן איז אַלץ: אַ דאַנק גאָט דערפאַר. באַ איר איז: אָלרייט, זאָל זיין אַזוי...

עפּיס מיט דעם ענין „גאָט״ ווייסט זי ניט וואו זי האַלט. אַמאָל אַז ס׳ע דונערט שטאַרק און די בליצן בלענדן די אויגן און זי האָט מורא, דאַכט זיך איר דעמאָלט, אַז די מאַמע איז טאַקע גערעכט... ס׳ איז דאָ אַ גאָט וואָס גיט אַכטונג אויף זיינע מענטשן, זיי זאָלן ניט אומקומען. הערן אויף די דונערן און בליצן, גייט אַוועק די שרעק און דאָס גלויבן אין גאָט.

צו מענטשן האָט עטל אַ גרויסע ליבשאַפט. דאָס וואָס ס׳ זיינען דאָ מענטשן וואָס טוען שלעכטס, איז דאָס זייער אייגענע שולד. מיט דער גאַנצער מענטשהייט האָט עס ניט צו טאָן. מענטשן, אין אַלגעמיין, זיינען גוט...

און צופרידן, שטאַרק צופרידן, איז זי מיט דער צייט אין וועלכער זי לעבט, און מיט דער שטאָט אין וועלכער זי איז.

אַמאָל האָט זי געהערט ווי טאַטע־מאַמע, וועלכע זיינען שוין אַ צוואַנציק יאָר אין אַמעריקע, האָבן געגומען אין אַן אָוונט, אַ שטילן, רעדן וועגן זייער אַלטער היים. אַזוי זיינען זיי, דוכט זיך, ביידע מענטשן אַזעלכע וואָס זיינען צופרידן מיט׳ן לעבן. אַבי מ׳ איז געזונט... אָבער דעמאָלט ווען זיי האָבן מיט בייגקשאַפט גענומען ריידן פון זייער אַלטער היים, פון זייער אַמאָליקן לעבן, איז אויסגעקומען, אַז די גאַנצע צייט וואָס זיי זיינען דאָ אין דעם לאַנד, זיינען זיי ווי אין אַ פרעמדער וועלט, אַזוי ווי זיי

וואָלטן געמאַכט די גאַנצע צייט נאָר אַן אָנשטעל אַז זיי זיינען צופרידן.

— ס׳ איז אָלרייט, מע מאַכט א לעבן — האָט דער פּאָטער, בערל, אַן אָנפּגעגאָלטער מיט געדיכטע וואָנצעס, געזאָגט צו שפרה׳ן — מ׳ קאָן ניט זאָגן, אַז ס׳ איז דאָ אזוי שלעכט. אָבער ס׳ איז ניט דאָס וואָס דאָרטן, הא?

— אפשר איז דאָרטן אויך ניט אזוי מחיה׳דיק — האָט שפרה געענטפערט — ווייסט דאָך, ס׳ אַן איבער־קערעניש. אָבער אַמאָליקע יאָרן, פאר אונזערע צייטן, איז דאָרט אודאי געוועזן בעסער ווי דאָ.

— עס וואָלט זיך וועלן זיין דאָרטן... — האָט בערל געזאָגט מיט א טאָן וואָס איז געוועזן אי וויטאָג׳דיג אי הנאה׳דיק — וואָלסט איצט געפאָרן אהין, שפרה?

— געפאָרן! — האָט שפרה ווי איר שטייגער איז, צונומען דעם זייפן־בלאָז — ער פאָרט שוין! ביזט שוין גרייט? ס׳ איז גוט אז מען קאָן כאָטש טראכטן פון אזא גוטע זאך...

עטל איז געוועזן אין א צווייטן צימער און האָט דעם געשפּרעך געהערט, און כאָטש זי האָט פארשטאַנען, אז זייער ביינקשאפט צו זייער אַמאָליקער אלטער היים האָט א גרונט, און כאָטש זי האָט אפילו אין דעם מאָמענט אביסל געפילט דעם צער פון זייער ביינקשאפט, האָט זיך אָבער בא איר ארויסגעריסן א פריידיקער געלעכטער און זי איז אריינגעלאָפן אין קיך אריין, וואו דער טאַטע איז געזעסן בא איין זייט פונ׳ם טישל און די מאַמע באַ דער אַנדערער זייט. זי האָט זיי ביידן א כאַפּ געטאָן באַ די הענט, געגעבן א צי צו זיך, און ווי אַנגעפילט פון עפּיס

אן אינערליכן גליק, האָט זי גענומען שרייען צו זיי מיט פרייד:

— וואָס פאר א אומעט ? וואָס פאר א בייגקען ? וואָס איז אייך דאָ אזוי שלעכט!?... זע נאָר ווי זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט טרויערן, אזוי ווי מען וואָלט זיי אָנגע־דונגען !...

די עלטערן האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך. זיי האָבן גאָרניט געוואוסט אינגאנצן אז זי איז דאָ, און דער פּלוצלונגדיקער אריינקומען אירער מיט אזא פריילאכקייט, האָט געהאָט א מאָדנעם אפּרוף אף זייער געמיט־צושטאנד. אָבער באלד זיינען זיי אויך בארוישט געוואָרן. איר פרייד, די פרייד פון זייער טאָכטער, האָט זיי ביידן ארומגעכאפּט, א לייכטקייט האָט זיך גענומען פילן איבער׳ן הויז. א בארואיגונג. און אין א פּאָר מינוט ארום זיינען טאטע־מאמע און טאָכטער געזעסן באם טישל, געטרינקען קאָפע און געשמאק געגעסן אייגענע־געמאכטע דינע קארזשיקעס באשמירט מיט „דזשעלי״.

און עפּיס אזוי מאָדנע הנאה געהאָט.

* * *

עטל פילט דעם קלאנג, דעם ריטם פון דער צייט.

כאָטש זי ארבעט אין דעם אָפיס פון דער אידישער צייטונג דורך א צופאל, און האָט אַלעמאָל חשק אוועקגיין אין א גרעסערן אָפיס, איז זי אָבער אין איר ארבעט פארטון ווי זי וואָלט גרייט געווען איר לעבן לאנג דאָס צו טאָן... וואָס די ארבעט איז, מאַכט בא איר ניט אויס. צי דאָס איז באם „סוויטש־באָארד״, צי זי גרייט צו „בילס״ פאר די קאָלעקטאָרן צו איינמאָנען, אָדער ווען זי רופט אָפּ דורכ׳ן טעלעפאָן געוויסע געשעפטסלייט וואָס

האָבן אריינגעשטעלט אַנאָנסן אין אַנדערע צייטונגען, און זי רעדט זיי צו אז זיי זאָלן אריינשטעלן אַן „ער” אין „די אידישע וועלט”, וועלן זיי זעען וואָס פאר א רעזול־טאַטן דאָס וועט ברייגנען.

אלץ איז אינטערעסאַנטע ארבעט באַ איר און זי טוט עס מיט חשק. זי טוט איר ארבעט מיט אזא חשק און מיט אזא ווארעמען געפיל, ווי ווען זי שטייט באַם שפיגל און שפילט זיך מיט איר שיינקייט.

זי פילט אזוי גוט ווען דער פארוואלטער פון דעם אָפיס רופט איר אריין צו זיך אין זיין קליינעם צימער און דיקטירט איר בריף צום שרייבן.

דער פארוואלטער, באבינסקי, זייער א הויכער און א דארער, גייט אזש אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, איז מיט לייב און לעבן אריינגעטון אין דער געשעפטס־ארבעט פון דער צייטונג, כאָטש נאָך א יונגער מענטש, א יאָר עטלאבע און דרייסיק, פילט זיך אָבער ניט אז ער זאָל ווען עס איז זיין יוגנט אויסנוצן פאר זיך אליין, אין פריוואַטן לעבן.

אז עטל קומט אין דער פרי, טרעפט זי אים שוין באַ זיין ארבעט, און ווען זי גייט פארנאַכט אוועק, איז ער נאָך שטארק פארטון, און ס' דוכט זיך איר, אז ווען ער גייט שוין ענדלאך אוועק פון אָפיס, גייט ער ניט אהיים, צו ווייב און קינד, אָדער וואו, נאָר ער גייט ערשט אוועק אין אַן אנדער אָפיס... צו ארבעטן פאר די „אידישע וועלט”...

עס מאַכט דעם איינדרוק אז זיין געזיכט איז צוגעפּאסט ספּעציעל צו זיין פארטועקייט. די האָר פון קאָפּ זיינען פון פאָרנט אויסגעקראָכן. די וואָנצעס געדיכט, אָבער

שארף אָפּגעהאַקט אינמיטן איבער די ליפּן. עס איז ענלאך צו דער שאַרפקייט וואָס קוקט פון זיינע אויגן אונטער די ברילן ארויס.

באַבינסקי דיקטירט עטל'ען בריף און זי האָט דעם געפיל אַז דעם סיגאַר וואָס ער רויכערט בשעת מעשה, איז ניט פאַר זיין פאַרגעניגן וועגן, נאָר עס סטימולירט אים אביסל און דורך דעם רויכערן, קאָן ער צוטראַכטן בעסערע געדאַנקען פאַר די געשעפטס־בריף.

אַזוי, ווען זי קוקט אויף אים פון דער ווייטנס, מאַכט ער אויף איר ניט קיין אנגענעמען איינדרוק, אַן איינדרוק פון אַן אָפּגעלעבטן מענטשן. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט גע־הערט פון אים קיין קאָמפּלימענט. אַ וואונדער, טראַכט זי זיך אַמאָל, אויב ער ווייסט אַז זי איז אַ פרוי, און אַז זי האָט ליב זיך אַ שפּיל טאָן אביסל...

אָבער אין זיין קליינעם אָפיס וואָס איז אָן אַ פענצטער, ווען זי אַרבעט אונטער אים, ווען זי זעט זיין ערנסטקייט און זיין איבערגעגעבנקייט צו די ביזנעס, פאַלט זי אַריין איננאַנצן אונטער זיין איינפלוס. ס' איז דאָך געשעפט. ס' איז דאָך אַ ביזנעס. איינגאָמען, אויסגאַבן, מען דאַרף קריגן מער און מער אַנאָנסן. דאָס געשעפט דאַרף וואַקסן גרעסער. גרעסער. זיך צו־וואַקסן. צושפּרייטן.

עטל נעמט איבער די „נאָטיצן", אָדער זי טייפּרייט די בריף, און מיט ערנסטער איבערגעגבנקייט, מיט אַ מערקווירדיקן דרך ארץ לאָזט זי אים וויסן אַז זי האָט געשריבן וואָס ער האָט איר געהייסן און זי איז גרייט ווייטער צו שרייבן:

— יעס סער!

— יעס, מיר. באַבינסקי!

אָפּטמאָל, ווען זי איז אַזוי באַ דער אַרבעט, פּאַרטון אין די ביזנעס, וואָלט זיך איר אַזוי ווען אַז עפּיס זאָל געשען, און זי זאָל אָנקומען אַלס אַ סעקרעטאַרין צום הויפּט־פּאַרוואַלטער פון דער „שיקאַגאָ טריביון".

ס' אַ גרויסקייט! וואָס פאַר אַ קוואַל פון ביזנעס אינטערעסן!

זי שטעלט זיך פאָר ווי זי זיצט מיט'ן מענעדזשער, אַן עלטערער מאַן שוין מסתמא, מיט גרויע האָר. זי זיצט מיט אים ערגיץ אין זיין גרויסן צימער אויפ'ן דרייסיקסטן גאָרן. פון אונטן איז דער גאַנצער „דאַון טאַון". אַ נעץ פון ביזנעס, און דאָ ווערט אַלץ געפירט אַזוי האַסטיק. גרויסער פאַרנעם. ברייטער שוואונג. אייגענע וועלדער האָט די צייטונג. אייגענע פּאַפּיר פאַבריקן און אייגענע שיפן. צירקולאַציע — מיליאָנען! מיליאָנען!

און זי העלפט דעם מענעדזשער אין זיין אַרבעט. זיי ביידע פירן דאָס אַלץ דעם גאַנצן געשעפט. טעלעפאָנען, בריוו, קוריערן, טעלעגראַמען, קייבעלס. עס ווערט אַרויס־געשיקט און עס ווערט דערהאַלטן. באַפעלן ווערן צו־שיקט צו יעדער אָפּטהיילונג. אויף אַלע עטאַזשן. אין אַלע צימערן. אומעטום ווערט געאַרבעט פאַר איין צוועק. פאַר איין זאַך: שי־קאַ־גאָ טרי־ביון!

אַן עלטערע פרוי קומט צו צו עטל'ען:

— איך וויל אַריינשטעלן באַ אייך אַן אַרטיקל. איך האָב אַ רום צו פאַרדינגען. אַ גוטע רום...

---

מאַכט זיך אַמאָל אַז עטל רעדט מיט שאַפּיראָ'ן, קומט אַרויף אויף די רייד דער פאַרגלייך צווישן די צוויי שטעט,

שיקאַגאָ און ניו יאָרק, און שאַפּיראָ האָט אַזאַ אויסדרוק פאַר איר:

— נויאָרק איז מ ' י י ן שטאָט. שיקאַגאָ בין איך א י י ך מוחל...

און איינמאָל האָט ער אַזוי געשילדערט פאַר איר דעם אונטערשיד פון אָט די צוויי שטעט:

— נויאָרק, פאַרשטייט איר — האָט ער געזאָגט — איז צונויפגעשטעלט, אָנגעוואָרפן געוואָרן — אַזוי מאַכט עס דעם איינדרוק, פון אַן אַרכיטעקט, א קינסטלער. ער האָט גענומען א קליינעם פּלאַץ, באַרגיג און גרובערדיק, און אָן א פּלאַן, אָבער מיט דעם אויג פון א קינסטלער, אָנגעוואָרפן דאָ אַזאַ געביידע און דאָ אַזאַ. ער האָט זיך ניט געצאַצקעוועט. עפּיס אַזוי ווי גלאַט אַזוי זיך אָנגעוואָרפן און אָנגעשטעלט. ברייטע גאַסן און שמאָלע. אָט איז שיינקייט און אָט איז עפּיס א מאָדנע פאַרדרייעניש. א פאַרזעעניש. דערפאַר פילט זיך דאָרט אומעטום די קינסטלער־האַנט. ס'איז נאַכלעסיק־שיין.

— שיקאַגאָ אָבער — זעט עס אויס — איז אויפגעבויט געוואָרן פון אַן אַרכיטעקט א פּאַך־מאַן. צוערשט האָט ער זיך צוגעגרייט מיט א גרויסן פלאַכן שטח פּלאַץ. מורא געהאַט ס'זאָל אים עפּיס ניט אויספעלן. און דאַן האָט ער לויט א באַשטימטן פּלאַן אויסגעשטעלט גאַס און גאַס, הויז און הויז. אַזוי פיל גרויסקייט און אַזוי פיל שיינקייט. אָפּגעמאָסטן און אויסגערעכנט. פילט זיך טאַקע דער פּלאַן. אָבער ס' איז ניטאָ קיין איבעראַשונג. ס' פעלט דאָס גרויס־קינסטלערישע. ס'פעלט די אילוזיע, דער ארויף און אראָפּ.

עטל האָט געקוקט אַף אים מיט אירע שוואַרצע אויגן

וואָס באַקומען אַלעמאָל דעם אויסדרוק פון איר שטימונג, פון איר געמיט־צושטאַנד. דאָס מאָל האָט זיך געפילט אין זיי א נאָענטקייט, א ווארעמקייט צו שאפּיראָ׳ן, און עס האָט זיך געקענט דוכטן אז עס האָט זיך בא איר ניט ווילנדיק ארויסגעכאפּט די פראגע, אָבער זי האָט פריער גוט געהערט יעדער וואָרט איידער זי האָט עס ארויסגע־רעדט:

— און דאָס, טשארלי, וואָס איך בין אין שיקאַגאָ, איז פאר אייך ווינציג?...

— מיט אייך איז שיקאַגאָ די שענסטע שטאָט אין דער וועלט, — האָט שאפּיראָ געזאָגט און געשמייכלט פּילנדיק ווי ער וואָלט געדאַנקט פאר א גרויסע מתנה וואָס ער האָט געקריגן.

אין זיינע שמייכלענדיקע גליקלאכע אויגן האָט עטל דערזען יענעם גלאַנץ וואָס זי האָט באַמערקט מיט א קורצע צייט צוריק בא א יונגן אמעריקאַנעם בחור, וואָס זי האָט געטראָפן פאָרנדיק דאַון טאַון אין א טראַמוואַי.

א יונגער, א בלאָנדער, איז ער געזעסן אף א באַנק צוזאמען מיט נאָך א פּאסאזשיר און האָט אַלעמאָל א טאָפּ געטון זיך בא דער זייטיקער אויבערשטער קעשעניע. ווען דער צווייטער פּאסאזשיר איז ארונטערגעגאַנגען און ער איז געבליבן אליין אף דער באַנק, האָט ער פון דער קעשענע ארויסגענומען א קאָנווערט. פון קאָנווערט א בילד — עטל האָט פון דער זייט באַמערקט: א בילד פון א מיידל. אז ער האָט אפּ׳ן בילד געקוקט, איז ער געוואָרן אזוי פארטאָן אין דעם, אז ער האָט, דאכט זיך, קיינעם פאר זיך ניט געזען אין דער סטריט־קאַר. עפּיס ווי א הונט גיט א כאַפּ א ביינדל און פארקלייבט זיך

דערמיט אין א ווינקל, אזוי האָט ער אויסגעזען ווען ער איז געזעסן אין זיין ווינקל און האָט אפּן בילד געקוקט. ס׳ איז זיינס, איר בילד. זי — איז אַלץ. ס׳ איז אזוי גוט צו האָבן איר בילד און קוקן אַף דערויף...

אין אָט דעם גלאַנץ האָט עטל דערזען אין שאַפּיראָ׳ס אויגן ווען זי האָט אים געפרעגט, צי ס׳ איז פאַר אים ווינציק וואָס זי איז אין שיקאַגאָ. עס איז נאָך געווען שענער. דער גלאַנץ האָט גענומען אויפגיין, אויפבליצן. און עטל האָט דערפילט אז אָט דער אייגענער גליקלאַכער גלאַנץ הויבט אָן ארויספינקלען פון אירע אויגן.

* *
*

אין הויז, אז זי איז אריינגעקומען, האָט עטל געטראָפן פעני׳ן מיט איר קריסטלאַכן מאַן, וואָלטער פּיטערסאָן און זייערע צוויי קליינע קינדער. זיי זיינען געקומען „צו דער מאַמע׳ן" פאַר סאַפּער.

פעני איז שפרה׳ס עלטסטע טאָכטער.

זי איז געוואקסן און האָט זיך דערצויגן אַף טאַטע־מאַמע׳ס לאַסקעס. עס האָט אַף איר געהאַט מער א ווירקונג די הויז ווי די גאַס. אפילו ווען זי איז געוואָרן א דערוואקסענע מיידל און האָט דערפילט דעם אָפּגרונט צווישן איר און די עלטערן, דערפילט אז זיי גייען דאָ ארום ווי אַף א פרעמדער וועלט, מיט א בייגקשאפט אין די הערצער נאָך פארגאנגענעס, נאָך זייער ווייטעס, און זי איז דאָ אזוי איינגעוואָרצלט, אזוי פארשטייענדיק אַלץ וואָס עס קומט פאָר ארום איר, — אפילו דעמאָלט ווען זי האָט געהאַט פאַריבל אַף טאַטע־מאַמע פארוואָס זיי האַלטן זיך דאָ אזוי פרעמד, פרעמד צו אַלץ וואָס איז איר

אזוי נאָענט, האָט זי זיי אָפּגעגעבן גרויס כבוד און גע־
פריוווט פארבויגן אירע געפילן פאר זייערע.

זי האָט זיך אַלעמאָל געפילט געהויבענער, צופרידענער
אין הויז מיט די „פרעמדע" עלטערן ווי ערגיץ אַנדערש
מיט אירע באַקאַנטע וואָס זיי פארשטייען זיך איינע די
אַנדערע אזוי גוט. די ווערטער „מאַ" און „פּאַ" האָבן
פאר איר געהאַט א בולטע באַדייטונג.

און ווען פעני האָט געזען אירע עלטערנ'ס געפאַלנ־
קייט אַנטקעגן איר, ווי אזוי זיי זיינען גרייט איר אַלץ
נאָכגעבן, וואָס דאָס איז שוין געווען איבער די גרעניצן
פון זייער גרויסער ליבע צו איר, איז איר צוגעבונדנקייט צו
זיי נאָך שטאַרקער געוואָרן.

אַמאָל האָט זיך געמאַכט אז א חבר'טע, א מיידל אין
אירע יאָרן, איז געקומען אין הויז און געזען ווי טאָכ־
טעריש צערטלאַך פעני באַציט זיך צו אירע עלטערן. דאָס
האָט בא איר ארויסגערופן פארוואונדערונג און פארדרים־
לאַכע איבערראַשונג.

— דו מוזט דיינקען די גאַנצע וועלט וועגן דיינע על־
טערן! — האָט זי געפרעגט פעני'ן ווי זי וואָלט איר וועלן
אויסרעדן דערפאר, און ס'האָט איר גאָרניט געאַרט וואָס
פעני'ס מאַמע שטייט דערביי און הערט וואָס זי זאָגט.

— זיכער — האָט איר פעני געענטפערט — וואָס
מיינסטו, איך בין אזעלכע ווי דו ?...

שפרה און בערל האָבן פון פעני'ן נחת געהאַט און
האָבן זיך געריכט אויף נאָך מער נחת, אויף נאָך מער פרייד
פון איר. בחורים האָבן גענומען קומען אין הויז אריין.
געקומען מיט א מיין, צוליב א ציל, און שפרה האָט גע־

וואוסט זייער ציל, און גענומען שוין אויסקלייבן בא זיך אין געדאנק, א וועלכער פון זיי ס׳ וועט פאר פעני׳ן דער בעסטער זיווג זיין.

פעני טאָר, פארשטייט זיך, פון גאָרניט וויסן. זי וועט שוין אליין אויסקלייבן דעם בחור וואָס איז איר מער צום הארצן. אירע אויגן שווארצע און ציענדע, וועלן זיך אָפּשטעלן אף דעם וואָס וועט פאר איר דער פאסענדסטער זיין.

אָבער דער וועמען פעני האָט אויסגעקליבן, איז ניט געווען איינער פון די וואָס פלעגן אזוי אָפט אין הויז ארייג־קומען. זי האָט אים געבראכט אין הויז נאָכדעם ווי זיי האָבן אין געהיים חתונה געהאַט.

אַן אַמעריקאַנער, א גוי...

זי איז געקומען מיט אים אהיים, דערציילט טאַטע־מאַמע וואר ער איז, אז זי האָט מיט אים חתונה געהאַט, און געפרעגט צו זיי קאָנען דאָ וואוינען א קורצע צייט, ביז ער וועט אָנהויבן צוריק ארבעטן. ער גייט שוין עטלאכע חדשים ארום אָן ארבעט...

די צוויי קינדער זייערע, אינגלאַך, לאָזט פיטערסאָן פעני׳ן דערציען ווי אזוי זי וויל. ער איז א פריידיינקער. געווען אַן „אַי דאָבעליו דאָבעליו׳ניק״, און איצט איז ער א קאָמוניסט. שולדיק אַנטקעגן שווער און שוויגער פילט ער זיך ניט. ער האָט ליב געהאַט פעני׳ן און זי האָט אים ליב געהאַט, האָבן זיי חתונה געהאַט. ער האָט איר ניט געצוואונגען.

אָבער ער פילט זיך געפאַלן פאר שווער און שוויגער, וואָס ער מאַכט פאר פעני׳ן און די קינדער אַן אָרם לעבן.

אים פאר זיך אליין ארט ניט. ער ארבעט. לעבט פון זיין פראציע. איז צופרידן מיט וואָס ער פאַרדינט. אָבער פעני לעבט אין מוטשעניניע, פירט קוים דורך די הוצאה און די קינדער ווערן דערצויגן אָרים.

שפרה ווייסט עס און בעריל ווייסט עס, און זיי העלפן ארויס ׳מיט וואָס זיי קאָנען. און דאָס ערגערט אים. ער ווייסט וואָס זיי פילן דערפון, וואָס די טאָכטער איז ארייג־געפאלן צו א גוי און דער גוי איז אזא שלימזל....

דערפאר, אז ער קומט צו שווער און שוויגער אין הויז אריין, פאר סאפער, אָדער בא אן אַנדער געלעגנהייט, פאררירכט ער וואָס ס׳ איז נאָר דאָ צו פאריכטן און זוכט זיך אוים ארבעט וואָס קאָן האָבן פאר זיי א נוצן.

דאָס מאכט אים היימישער, נאָענטער אין הויז, און דאָס וואָס ער איז ,,קיין גוי אויך ניט״, גיט אים צו אביסל חשיבות בא בעריל׳ען.

איינער אָבער איז דאָ אין הויז מיט וועלכן פיטערסאָן קאָן ניט דורכקומען, מיט וועלכן אז ער קומט זיך צו־זאמען, זאָגט שפרה אז מ׳ דארף אַנטלויפן פון הויז. און עטל שמייכלט:

— קאפיטאל און ארבעט האָבן שוין א צוזאמענ־שטויס...

דער איינער איז עטל׳ס ברודער, סידני.

סידני איז א פאָריער פאבריקאנטל. ער און א באקאנ־טער זיינער האָבן בשותפות געעפנט א קליינעם פאָר שאפ. פריער האָבן זיי צוזאמען א לאנגע צייט געארבעט, אָנ־געקליבן א קאפיטאל מיט וועלכן מען קאָן צו עפעס צו־קומען און זיי האָבן ביידע אָפגעמאכט צו עפענען אליין א שאפ.

ס׳ איז ניט געווען וואָס די ארבעט איז זיי געווען שווער. זיי האָבן זיך ביידע דארויף ניט באַקלאָגט. אָבער זיי האָבן געוואָלט זיין „פאר זיך אליין״, עפּענען אַן אייגענעם שאָפּ און זעען אז די פירמע זאָל ווערן גרעסער און גרעסער.

פון זינט סידני איז געוואָרן א באַלעבאָס פאר זיך, האָט ער זיך אזוי פארטון אין דעם געשעפט, אז פון זיך אליין טראכט ער זייער ווינציק. דער עיקר פארנעמט בא אים די געדאנקען זיין פירמע די „מאדערן פּאָר קאָמפּאַני״.

צו די ארבעטער וואָס ארבעטן בא אים אין פוטערוואַרג געשעפט, באציט ער זיך געשעפטסמעסיק פריינטלאַך. זיי דארפן ארבעטן און ער דארף זיי צאָלן ווייַדזשעס. אז עס מאַכט זיך אז א מיידל „זיינע״ פאררעדט זיך אביסל מיט א צווייטע און ער קומט צו און דערזעט עס, איז זאָגן זאָגט ער גאָרניט, נאָר ער קוקט אויף איר ברוגז׳לאַך: די „מאָדערן פּאָר קאָמפּאַני״ צאָלט ניט קיין געלט פאר ריידן...

ער פארצייכנט יעדער „עולה״ וואָס ווערט געגן דער פירמע באגאַנגען פון א וועלכן עס איז ארבעטער. און אז דער ביזנעס אגענט פון דער יוניאָן קומט אין שאָפּ, פאר-בעט אים סידני צו זיך אין דעם קליינעם אָפיס, וואָס איז אָנגעוואָרפן מיט „סעמפּלס״ און ער לייענט אים פון דעם צעטל ארויס די קריוודעס וואָס ער האָט צו די ארבעטער.

דער ביזנעס אגענט, א יונגערמאַן מיט א ברוגז׳ן פּנים, און וועלכער מאַכט אַלע מאָל דעם איינדרוק אז ער האָלט זיך אין דערמאָנען אין עפּיס א וויכטיקע זאַך, הערט אויס סידני׳ס קריוודעס, שמייכלט, נעמט צו בא אים דאָס

אַנגעשריבענע צעטעלע, צורייסט עס אַף קליינע שטיקע-לאַך, און זאָגט אים גוט ברודעריש:

— סידני, וועסט זיין אַלרייט אין אמעריקע... וועסט זיין אַל-ראַיט!

א חכמה! ער גיט א געלעגנהייט צו מענטשן אַף צו מאַכן בא אים א לעבן, לאַכט מען זיך נאָך אויס פון אים!

וואָס זשע ציינט עס?... סע ציינט אַז מען דאַרף ניט זיין קיין גוטער. אַז יעדער איינער דאַרף טאָן וואָס ס׳ איז פאַר אים גוט.

אַז סידני איז אליין געווען אַן ארבעטער, איז אים ווינ-ציק אָנגעגאַנגען דער אייביקער קאַמף וואָס קומט פאָר צווישן קאַפּיטאַל און ארבעט, צווישן באָסעס און ארבע-טער, הערשער און באַהערשטע. א דאגה אים! ער גייט אוועק פונ׳ם שאַפּ אהיים, האָט ער אין דער גאַנצער ארבעט קיין אינטערעס ניט. פון זינט אָבער ס׳ איז נעגרינדעט געוואָרן די פירמע „דהי מאָדערן פאָר קאָמ-פּאַני״, און פון זינט ער איז אזוי פאַראינטערעסירט אַז די פירמע זאָל וואַקסן און וואַקסן, און מ׳זאָל פון די ארבעטער האָבן וואָס מער נוצן, וואָס מער פאַרדינסטן, זעט ער אַלץ ווייטער מער איין אַז „די וועלט״ איז טאַקי גערעכט... אַז מ׳ צולאָזט די ארבעטער און מ׳ גיט זיי נאָך, וויסן זיי גאָרניט וואָס זיך צולייגן צום קאָפּ. זיי ווערן קאָמוניסטן און באָלשעוויקעס, און ווער ווייסט צו וואָס עס קאָן קומען!

וואָס אים פאַרדריסט זייער שטאַרק, איז, וואָס זיינע אייגענע עלטערן, איז ער זיכער, כאָטש זיי זיינען צופרידן

וואָס ס׳ איז אים גוט, האָבן זיי אָבער צו אים באקומען א מאָדנעם קאלטן געפיל פון זינט ער איז געוואָרן א „באָס״. די אייגענע מאמע גיט אים אמאָל א זאָג:

— נו, וואָס מאכסטו עפּיס, מאנופעקטשורער מיינער?

די ווערטער ווערן טאַקע ארויסגעזאָגט ווייך און צארט און אפילו מיט א געוויסן שטאָלץ. אָבער עס געפעלט אים ניט.

— וואָס עפּיס „מאַנופעקטשורער״? — פרעגט ער צוריק, א ברוגז׳ער.

— וואָס דען ביזטו? — פרעגט זי ווידער.

— א, ניי! — ווערט שוין סידני׳ן נמאס די גאַנצע רייד — לאָז מיר צורו, כ׳ בעט דיר.

אויב פּיטערסאָן פילט זיך געפאלן בא שווער־און־שוויגער מיט זיין אָרימקייט, שטאָלצירט ער אָבער דערמיט ווען ער רעדט מיט סידני׳ן.

סידני, אז ער דערזעט דעם שוואָגער, פרעגט ער אים קיינמאָל ניט אף זיין ארבעט, ווי אזוי עס לעבט זיך אים, נאָר דאָס אייגנקייט, דאָס נאָענטקייט וואָס עס איז צווישן זיי אלס שוואָגערס נוצט ער אוים אף ארומקריגן זיך, אף אָפּלאַכן פון אים.

באַם „סאפּער״ ווען מ׳ איז געזעסן און געגעסן, האָט פּיטערסאָן עטליכע מאָל געפילט אף זיך די בליקן פון זיין שוואָגער. געוואוסט אז ער וויל זיך מיט אים פאר־נעמען, נאָר ער האלט זיך איין, ער וויל ניט פארשטערן דעם „טיש״ וואָס איז בא בערל׳ען מיט שפרה׳ן אזוי טייער.

אָבער אז ס׳ איז געקומען פאר׳ן לעצטן געריכט, האָט סידני דערפילט אז מער קאָן ער שוין ניט שווייגן.

— נו, דו ביזט נאָך אלץ א קאָמוניסט? — האָט ער געפרעגט פיטערסאָנ׳ען.

אלע וואָס זיינען געזעסן באַם טיש און שפרה וואָס האָט געהאַלטן אין אריינגיין פון קיך, האָבן אױף סידני׳ן אָנגע־שטעלט די אויגן מיט פארוואונדערונג, מיט פארדרוס וואָס ער פארפירט א קריגעריי. פיטערסאָן איז אָבער געווען רואיק.

— יעס — האָט ער געענטפערט — איך בין נאָך אלץ א קאָמוניסט. איך לעב נאָך אלץ פון מיין אייגענער ארבעט, ניט פון יענעמס ארבעט.

— ס׳ קומט דיר א מעדאַל דערפאר — חוזק׳ט פון אים סידני און ער קוקט אױף דער שוועסטער, אױף פעני׳ן, צו זעען אויב ס׳ טוט איר הנאה וואָס ער שפאַסט פון אים, אָדער זי פילט זיך באַליידיקט.

פעני איז מקנא דעם ברודער אױף זיין פארמעגן און זי וואָלט וועלן אז איר מאַן זאָל זיין אױף אזא שטייגער. אָבער זי האָט שוין אין איר אָרימקייט אזוי זיך אריינגע־פאסט און איז אזוי אונטערגעוואָרפן צו איר שיקזאַל, אז ס׳ קומט בא איר אוים אז דאָס אָרעמקייט איז אירע אן אייגענע, א גאָר נאָענטע זאך... א טייל פון איר. און זי קוקט מיט ווארימע אויגן צום מאַן וואָס פילט אָט דעם טעם פון אָרימקייט אזוי ווי זי.

פיטערסאָן כאַפּט אויף דעם בליק פון זיין פרוי, קוקט אױף זיינע צוויי קינדערלאך וואָס זיצן ביים טיש, און סידני ווערט אים אזוי פרעמד, אזוי ווייט, און אזוי שונא׳דיק.

— רוסלאַנד — זאָגט ער — האָט געוויזן אַ ביישפּיל
— געוויזן ווער עס דאַרף האָבן די מאַכט. און איצט,
וואַרט, וועט איר זען, וואָס עס וועט דאָ זיין.

— וואָס וועט זיין? — פרעגט סידני און איז זייער
רואיק. ער איז זיכער אַז דאָ וועט גאָרניט זיין.

— ס׳ וועט זיין אַ רעוואָלוציע! — רעדט פּיטערסאָן
לאַנגזאַם. און די ווערטער גייען אַרויס שווער — די אַר-
בעטער וועלן דערוואַכן. די מאַינערס וועלן אַרויס פון
די קוילן גרעבער. די שטאָל אַרבעטער וועלן פאַרלאָזן
די קאַלך-אויוונס. די באַנען וועלן זיך אָפּשטעלן. די
אַרבעטער איבער גאַנץ אַמעריקע וועלן אַרויס אין קאַמף
און איבערנעמען די הערשאַפט. די גאַנצע מאַכט דעם
אַרבעטער קלאַס!

עטל׳ען איז דאָס בילד געפעלן.

— דאָס איז אַ רעוואָלוציע? — פרעגט זי פּיטערסאָנ׳ען
— איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס עס מיינט אַ
רעוואָלוציע. אַז מ׳ וועט אַרויסגיין פון די קוילן-גריבער
און פון די פאַבריקן, גיי איך אויך אוועק פון אָפּיס.
איך וויל באַוועגונג! טאָן עפּיס!

— אַ נייע רעוואָלוציאָנערקע! — איז סידני צופרידן
וואָס זי האָט זיך אַריינגעמישט, וועט ער מיט איר לייכ-
טער קאָנען אַרגומענטירן — דו רעדסט דאָך אַלע מאָל
פון ביזנעס. ביזנעס האָט דאָך פאַר דיר אַזאַ צוציאונגס
קראַפט!

— אודאי האָט עס — זאָגט עטל — איך האָב ליב
דאָס גרויסקייט דערפון. דעם פאַרנעם, דעם קאָך און
טומל וואָס ביזנעס פאַראורזאַכט. דו אָבער, ווילסט אַלץ

צושארן צו זיך. בא דיר ביזנעס מיינט: געלט, פּראָפיט, ווערן רייך.

— אזוי? און דו ווילסט נאָרניט זיין רייך? — פרעגט איר סידני און איז זיכער אז דערמיט האָט ער איר גע־טראָפן.

— איך וויל יאָ... — ענטפערט זי מיט איר נאַטירלא־כער גוטמוטיקער אָפנהערציגקייט — נאָר מיר ארט ניט אז איך וועל בלייבן באַם וועלן. מיר ארט ניט אז עמיצער אנדערש האָט עס. אבי ס׳איז דאָ...

בערל האָט זיך פיינט אריינמישן אז דער זוהן מיט׳ן איי־דעם קריגן זיך ארום. די גאַנצע רייד איז בא אים גאָרניט ווערט... נאָר אז עטל נעמט זיך אָן פאַר פיטערסאָנ׳ען, פילט ער אז ער דאַרף ארויסהעלפן סידני׳ן.

— טאָכטער מיינע — זאָגט ער צו עטל׳ען — ערגיץ א, א פּלאַץ, צי אין א שאַפּ, א פאַבריק, אַן אָפיס אָדער א סטאָר, שטייט זיך א בחור און זאַמלט אָן א סך געלט פאַר דיר. א גאַנצן פאַרמעגן. און אז ער וועט קומען צו דיר און דיר איבערגעבן דעם פאַרמעגן, וועט דיר ניט אָנהויבן ארן וואו און ווי אזוי ער האָט עס געקראָגן. אבי ער האָט עס געבראַכט צו דיר...

עטל איז געבליבן א ווייל זיצן פאַרווירט. דער פאָטער האָט עס געזאָגט, ניט ווי ער וואָלט געוואָלט דערוואַרטן פון איר אַן ענטפער דערויף, נאָר אז ער איז זיכער אז זי ווייסט אז דאָס איז דער אמת. זי האָט אָבער יאָ גע־ענטפערט:

— אז ער וועט קומען... — זי האָט געשמייכלט און געפילט אז איר פּנים רויטלט זיך און זי האָט געוואָלט

אז שאַפּירא זאָל איר איצט זעען — אז ער וועט קומען, וועל איך אים ניט פרעגן וואָס ער האָט געבראַכט. נאָר איך וועל קוקן אויף אים און זען ווער ער איז.

— אז מיר'ן לעבן, וועלן מיר זעען — האָט בערל דאַרויף געענטפערט — ענטפער דערוויל דעם טעלעפאָן.

* * *

ווינטינפעלד האָט שוין געהאַט אָפּגעטון זיין ארבעט אין דער רעדאַקציע פון דער „ארבעטער צייטונג" און האָט זיך צוגעגרייט צו גיין אהיים.

דער טאָג איז היינט פאַר אים געווען א שווערער. ער האָט געהאַט א סך נייעס צו מאַכן און דער טעלעפאָן אויף זיין שרייב־טיש האָט געהאַלטן אין איין קלינגען.

אז ער האָט אָבער די נייעס פון דער לעצטער טעלעגראַמע אָפּגעשריבן, און ער האָט באַ זיך אָפּגעמאַכט אז מער ארבעט ער היינט ניט, האָט ער שוין דערפילט א לייכט־קייט, און ער איז געבליבן זיצן ווי ער וואָלט געוואָלט דערפילן זיך אליין.

דער גאַנצער טאָג ארבעט אלס רעפּאָרטער און נייעס־שרייבער האָט זיך פון אים אָפּגעטיילט אזוי ווי שטויב פון אן אנצוג, ווען מען בערשטלט אים אויס.

אין א פענצטער, אנטקעגן איבער דער גאַס, האָט ער דערזען א בילד און ער איז געבליבן זיצן און געקוקט אין יענעם הויז אריין.

דאָרטן וואוינט א פרוי פון א יאָר פופציק. מיט א האַלב יאָר צוריק, געדיינקט ער, האָט ער געזען ווי איר גע־שטאָרבענער מאַן איז אויף א בעט געלעגן. די פרוי, א גראָבע, א נידעריקלאַכע, איז ארומגעגאַנגען מיט אן ארומ־

געבונדענעם קאָפּ. פון וויינען און קלאָגן און פון א שטאַרקן קאַפּווייטיק.

איצט שטייט זי, די פרוי בא א טיש. נעבן איר שטייט א יונגערמאַן וואָס האָט זיך אריינגעקליבן אין הויז נאָך איר מאַנ׳ס טויט. ער איז א שטומער. זיינעביידע הענט וואַרפן זיך ארום אומרואיקע, מיט האסט און כעס.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער פרוי און איר ארומגענומען. זי האָט זיך געדריקט צו אים און באַלד האָט זי זיינע הענט פון זיך ארונטערגענומען. זי האָט אַף גיך אויס־געטון פון זיך איר קלייד און איז געבליבן שטיין א האלב־נאַקעטע.

זי האָט פאַרדרייט די עלעקטריק און איז מיט דעם יונגן שטומען מאַן אריינגעגאַנגען אין דעם צווייטן צימער. עס איז דאָרט ליכטיק געוואָרן און דורכ׳ן געדיכטן פאָר־האַנג האָט זיך ווי דורך א נעבל געזען ווי דער שטומער שלעפּט פון איר ארונטער די אונטערשטע קליידער, ווי זיינע הענט וואַרפן זיך ארום נאָך מער און שטאַרקער ווי פריער און אָט זיינען זיי ביידע אינאיינעם, אינאיינעם. ביידע גליקלאַכע.

— פרייד, — איז ווינטינפעלד׳ן איינגעפאַלן א וואָרט וואָס האָט געגעבן אן אויסטייטשונג דעם בילד.

שווער און ליידיק איז געגאַנגען דאָס לעבן פון דער פרוי ביז איצט. דאָס אָרימקייט האָט איר אין די ווינקלען פון איר הויז איינגעשלאָסן. זי האָט געטראָגן דעם עול דעם יאָך פון לעבן ווי א פערד אן איינגעשפּאַנטער. און עס איז געקומען די עלטער מיט דעם שוואַרץ־גרויען בילד אין פאָדערגרונד.

און פלוצים איז זי אויפגעריכט געוואָרן. פלוצים האָט זי ווי גאָר אַמאָל דערפילט איר פרוי׳ענשאפט.

שטום איז ער, דער מאַן וואָס טיילט איר די פרייד צו. שטום און טויב. אָבער ער איז קרעפטיק און יונג און ווען זי איז מיט אים, זאַמלט זיך אָן איר גאנצע פארלאָזענע ליידנשאפט, וואָס איז בא איר געווען ווי א פרעמדע זאַך, נישט אירס.

ווי גוט עס איז צו זיין מיט אים!

און ער, דער שטומער מאַן, וואָס פון אים איז פארבאָרגן זיין אייגן קול און זיינע אויערן, הערן קיינמאָל נישט קיין קלאַנגען, קיין קול פון א מענטשן און אלע מאָל טראָגט ער אין זיך א האַס צו די רעדנדיקע, צו די וואָס הערן, — מיט ווילדע פרייד גיט ער איצט זיין אָנגעזאמלטן כח ארויס.

ער דארף ניט ריידן. ער דארף ניט הערן... זי, די פרוי, ווייסט שוין וואָס ער וויל, ווען ער פארלייגט זיינע הענט ארום איר. איין פארגעניגן איז דאָ וואָס ער קאָן אויך פון דעם גענים.

און ווינטינפעלד׳ען טוט הנאה ווען ער טראכט פון דער פרייד פון דער עלטערער פרוי מיט דעם שטומען יונגן מאַן. עס איז דאָס גליק פון די פארשטויסענע.

אָבער באלד האָט ער פון זיך אליין חוזק געמאַכט וואָס אזא בילד האָט אים אזוי פאראינטערעסירט. נאָר א רעפאָר־טער — האָט ער געהאַט צו זיך א טענה — קאָן זען אין אזא סצענע קונסט און שיינקייט.

ער איז געגאנגען נעמען זיין מאנטל אױף גיין אהיים, װען שײנין, דער סיטי עדיטאָר, איז ארױסגעקומען פון זיין צימער.

שײנין איז געגאנגען מיט װירדע, סטאַטעטשנע, און זייער אָפּגעהיט ארום זיך.

ער האָט א קוק געטון אױף װינטינפעלד׳ן אזױ װי ער װאָלט אים ניט דערקענט... ער איז דורכגעגאנגען דורך אים און געבליבן שטיין.

— װאָס האָב איך עס געװאָלט זאָגן ? האָט ער זיך געפּרואװט דערמאָנען. אָ, יעס! — האָט ער זיך געװענדעט צו װינטינפעלד׳ן — אױב איר װילט, קאָנט איר היינט גיין צו דער אָפּערא. ס׳ איז דאָ א „פּעס״.

— אָ, א פּעס ! — האָט זיך װינטינפעלד א פרײלאכער אָנגעכאפּט אין דעם לעצטן װאָרט.

און ער האָט באלד אָפּגערופן זיין פרױ, חנה׳ן.

— הער, — האָט ער געזאָגט, נאָכדעם װי ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אױף איר און אױף׳ן בחור׳ל זיינעם — מיר גייען היינט צו דער אָפּערא !

— ביזטו זיכער ? — האָט זיך אים אין אױער אריינגעשניטן איר פראגע װאָס זי האָט ארױסגעזאָגט איראָניש, מיט א מאָדנעם טאָן.

— געװיס ! — האָט ער איר פארזיכערט — דער פּעס װארט שױן אין „באקס אָפיס״.

— טאָ גיי ! — איז געקומען איר ענטפער.

— און דו ?

— איך קאָן ניט גיין. אז מ׳רופט מיר אָפּ אין דער לעצטער מינוט. איך דאַרף זיך צוגרייטן, באַוואָרענען אַרעלע׳ן, עמיצער זאָל זיין מיט אים אַז מיר גייען ביידע אַוועק.

— אַ, — האָט ער שוין פאַרשטאַנען די גאַנצע זאַך וואָס עס קומט דאָ פאָר.

— און דו אַליין האָסט עס נישט געקענט פאַרשטיין?
— האָט חנה געפרעגט — וואָס האָסטו געמיינט, איך מאַך סאַפּער, וועל איך פליען פונם קיך צו דער אָפּערא און דאָס קינד איבערלאָזן אַליין — אַבי דו האָסט אַ „פעס״!

און ווייל חנה האָט געפילט, אַז דאָס וואָס ס׳ איז אים געקומען זאָגן, האָט זי אים שוין אָפּגעזאָגט, און אַז זיין כּונה איז געוועזן אַ גוטע ווען ער האָט איר אָפּגערופן, האָט זי אים שוין געמאַכט גרינגער ס׳האַרץ.

— גיי אַליין, „מאַי״,— האָט זי אים געזאָגט זייער פריינטלאַך — אָדער נעם עמיצן מיט. אָבער קום ניט אַהיים צו שפּעט.

ווינטינפעלד האָט שוין איצט פאַרשטאַנען פאַרוואָס שייניין איז פּלוצים אַזוי גוט געוואָרן און אים אָנגעבאָטן אַ פּעס. שוין שפּעט, און ער האָט ניט וועמען אַנדערש אַוועקצוגעבן.

אָבער אַליין גיין צו דער אָפּערע, וועט ער ניט. ס׳ איז פאַר צוויי מענטשן און דער צווייטער וועט פעלן.

ער האָט גענומען שנעל טראַכטן וועגן די פּערזאָנען, פון וועמען ער זאָל אויסקלייבן עמיצן אַף איינלאַדן צו גיין מיט אים צו דער אָפּערע.

עני די רויטע.

זי ארבעט אין אָפּיס. האַלט זיך שטאַלץ אַנטקעגן די אַנדערע מיידלאַך. חנ'דלט זיך צום סיטי עדיטאָר. שטו־דירט אין אָוונט דראַמאַטישע שוישפּיל. וויל שפּילן אויף דער ענגלישער בינע. גייט אַזוי מאָדנע פאַרריסן די נאָז. רעדט שאַרף. עס דאַכט זיך אַז דאָס שאַרפקייט רעדט זיך פון דער דינקייט פון דער נאָז אַרונטער.

זי וועט ניט גיין און ער וועט איר ניט רופן.
רייזל. —

זי ארבעט אויך אין אָפּיס. אַן אַכצן יאָריקס, אַ שוואַרץ־חנ'עוודיקס, אַן איידלס. פרומע שוואַרצע אויגן. אַז ער וועט איר אָפּרופן און פרעגן צי זי וויל היינט גיין מיט אים צו דער אָפּערע, וועט זי אים פרעגן: ווי קומט עס וואָס ער האָט זיך אַזוי שפּעט דערוואוסט דערפון? פאַר־וואָס גייט ער ניט מיט דער איינענער פרוי? און זי דאַרף פרעגן דער מאַמע'ן, און ווי אַזוי וועט זי קומען צוריק אַ היים? — נישט איר.

אפשר אָפּרופן סאָפיע'ן?

סאָפיע איז זיינע און דער פרוי'ס אַ באַקאַנטע. אַ שטיקל איינענע. זי און איר יונגע שוועסטער ארבעטן אין אַ שאָפּ. ביידע גיבן אָפּ דער מאַמען אַלץ וואָס זיי פאַרדינען און מ' שפּאָרט אַ סענט צו אַ סענט פאַר נדן, אַ תכלית. זי איז מסתמא מיד און זי וויל זיך אָפּרוען דעם אָוונט אין דער היים.

אין דער רעדאַקציע איז אַריינגעקומען רובין „דער רויטער". רובין איז אַן אַדוועוטייזינג אַגענט. אַ ביסל

א דערשלאָגענער; האָט א שטאַרקן געפיל פאר גערעכטי-
קייט און דערפאר — האָט ער א סך טענות צו דער
וועלט. ניט פאר אים אליין. פאר זיך ארט אים נישט,
נאָר פאר אנדערע.

אז ער קומט ארויף אין דער רעדאקציע, קוקט ער זיך
פאַרזיכטיק אום, זעען צי ווינטינפעלד איז שטאַרק פאר-
נומען. אז ווינטינפעלד איז פריי, האָט רובין ליב מיט
אים ריידן, אים דערציילן אביסל פון זיינע דערפארונגען
פון טאָג, זיך גלאט אביסל אויסריידן דאָס הארץ... כאָטש
ווינטינפעלד רעדט צו אים ווינציק, פילט אָבער רובין אין
זיין קוקן אף אים, אז זיינע ווערטער געפינען אן אָפּקלאנג.

אז ווינטינפעלד איז נאָך אָבער פארנומען מיט שרייבן
נייס, איז עס גאָרניט דער מענטש. ער צושרייט זיך אף
אים ווען ער דערזעט אים צוקומען:

— איך וויל ניט הערן גאָרניט... לאָזט מיר צורו!

איצט האָט אים ווינטינפעלד אויפגענומען פריינטלאך,
גרייט צו פארנעמען זיך מיט אים אביסל.

— העלאָ, רובין! — האָט ער אויסגערופן און ארויס-
גענומען א סיגאַרעט. ווען רובין זעט אים, רויכערט ער.
— וואָס מאַכט מען עפּיס?

— אָ, מען מאַכט! — האָט רובין אים צוגעטראָגן
זיין שטיקל סיגאר ער זאָל פון דעם פארויכערן, נאָר ס'
איז געווען פארלאָשן — איר ווייסט דאָך — ער האָט אף
דער גיך אָנגעצינדן א שוועבעלע און עס דערלאנגט ווינ-
טינפעלד'ן — יו נאָו!...

— וואוהין גייט איר היינט? — האָט אים ווינטינ-
פעלד געפרעגט און א טראַכט געטון: גוט, ער'ט שוין
גיין מיט אים.

— וואוהין איך גיי? — האָט רובין איבערגעפרעגט און געבלאָזן דעם רויך ארויף — איך גיי א היים צו די צרות.

— שוין ווידער צרות?

— ס׳ איז ניט ווידער. ס׳ איז דיזעלבע צרות — האָט רובין א מאַך געטון מיט דער האנט — ס׳ וועט שוין פון איר קיין לייט ניט זיין.

ווינטינפעלד ווייסט, אז דאָס רעדט ער פון זיין צוועלף־יאָריק טעכטערל, וואָס האָט א קראנק הארץ און דער פאָטער ווייסט אז זי וועט לאנג ניט לעבן.

— פונדעסטוועגן, וואָלט איר היינט וועלן אביסל ארומגיין? זיך פארגעסן?

— ס׳ ליגט ניט אין קאָפּ — האָט רובין געזאָגט, זיך אוועקגעזעצט און גענומען שרייבן אף א שטיקל פאַפּיר אין רוסיש: יעווא אימפעראטאָרסקאָיע וועליטשעסטוואָ... גאָראָד פעטערבורג... — ס׳ ליגט ניט אין זינען צו פאַר־ברייננען, מיין פריינט!

* * *

זיי זיינען א פּאָר מינוט שווייגנדיקע געזעסן אין דער טעקסי.ביידע צופרידן.

ווינטינפעלד האָט א לאַך געטון.

עטל האָט פארשטאַנען אז זיין לאכן איז אן אויסדרוק פון שטארקע צופרידנקייט וואָס זי פאָרט מיט אים און ס׳ האָט איר הנאה געטון וואָס ער פילט אזוי, וואָס זיי פאָרן ארויס אין א פריילאַכע שטימונג.

— וואָס האָט איר זיך אזוי דערפרייט — האָט זי

נעפרעגט — ווען כ׳ האָב געזאָגט אז כ׳ וועל גיין מיט אייך?

— הער א פראגע! — האָט ער איר א קוק געטון אין די שמייכלנדיקע אויגן — וואָס איך האָב זיך דער־פרייט? איך בין געווען עלנט און איינזאם... שוין געוואָלט רופן דעם דזשעניטאָר אונזערן ער זאָל גיין מיט מיר. פאלט מיר איין: כ׳ וועל רופן שאפּיראָ׳ן. נאָר אז איך האָב זיך דערמאָנט אין אים —

— האָט איר בעסער מיר אָפּגערופן — האָט עטל פאר־ענדיקט וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

פרעגן אים, פארוואָס ער האָט זיך דערמאָנט אין איר באַלד נאָכדעם ווי ער האָט א טראכט געטון פון שאפּיראָ׳ן, האָט זי ניט געהאלטן פאר נויטיק. זי ווייסט אז ווינ־טינפעלד און שאפּיראָ זיינען נאָענטע פריינט. מען זעט זיי אַלעמאָל צוזאמען. אז שאפּיראָ רעדט מיט איר אמאָל פון אים, דערמאָנט ער אים מיט ליבשאפט ווי א נאָר איינענעם מענטשן וואָס ער דערציילט אים אלץ פון זיך.

זי וואָלט זייער וועלן וויסן וואָס שאפּיראָ האָט ווינ־טינפעלד׳ן דערציילט וועגן איר. נאָר מען דאַרף זיך בעסער מאכן איננאנצן ניט וויסנדיק. סיידן ער וועט אליין ארויפקומען אף די רייד.

— איר פארשטייט — האָט ווינטינפעלד ווייטער גע־זאָגט — געמיינט האָב איך אז איר וועט זיכער ניט וועלן גיין צו דער אָפּערע.

— פארוואָס, א שטיינער?

— פארוואָס? ווייל איר זענט דאָך עפּיס אן אמערי־

קאַנער מיידל. איר וועט בעסער גיין אין א מואווי, צו א טאַנץ, אָדער איך ווייס דאָרטן וואו איר פאַרברייינגט אייערע אָוונטן!

אין זיין שטימע איז געווען א וואַרעמקייט. די ווער־טער זיינען אַרויסגעקומען ווי ניט דערענדיקט. באַזונ־דערס האָט דער שמייכל זיינער איר דערנענטערט צו אים. זי האָט אין זיין שמייכל געזען דעם אָפּשפּיגל פון זיין נשמה.

זי האָט זיך דערמאָנט אַז שאַפּיראָ האָט איר אַמאָל דער־ציילט אַז ווינטינפעלד שרייבט דערציילונגען. סע וואָלט געווען גוט ווען ער שרייבט עפּיס אָן פון איר.

— פון וואָס שרייבט איר אין אייערע דערציילונגען?
— האָט זי א פרעג געטון.

— איך שרייב ניט קיין דערציילונגען — האָט ער געענטפערט — ווער האָט אייך דען געזאָגט אַז איך שרייב?

— טשאַרלי. ער האָט מיר אַפילו געזאָגט, אַז איר שרייבט זייער שיין. פאַרוואָס זאָלט איר עס לייקענען?

אינעווייניק, טיף אין זיינע אינגעווייידן, האָט זיך עפּיס א ריר געטון. ער האָט זיך א קרום געטון, כאָטש דער שמייכל איז געווען אפ׳ן פּנים.

— אַמאָל, אַמאָל... עטל, האָב איך געשריבן דערציי־לונגען. א פאַנטאַזיאָר געווען. היינט בין איך א רע־פּאָרטער. איך שרייב נייס. אַז מ׳ האָט אַרעסטירט א גנב, שרייב איך אַז מ׳ האָט אַרעסטירט א גנב... מען האָט דערשאָסן א מענטשן, שרייב איך: דער און דער,

אזוי פיל אלט, פון דאָרט און דאָרט, איז דערשאָסן געוואָרן. איך באַשטעטיק דעם פאַקט...

ער האָט פאַרויכערט א סיגאַרעט און מער אַרונטערגע־רוקט דאָס פאָרהאַנגל אין דער טעקסי, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר א רויטן ליכט־סיגנאַל.

ער האָט געקוקט אַף עטל'ען, געזען ווי שטאַרק זי שיינקט אים איר אויפמערקזאַמקייט און ווי פאַרוואונ־דערט זי איז. ער האָט אָבער ניט געוואָלט איר דערציילן פון זיך. ניט פון זאַכן וואָס טוען אים וויי.

זאָל היינט זיין אן אָוונט וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט איבערגעלעבט אַזעלכן, — האָט ער בא זיך געטראַכט. אין עטל'ס אַנוועזנהייט האָט ער זיך דערפילט יונגער. געוואָלט זיך דערמאָנען אין די בחור'שע יאָרן. ער האָט געוואָלט אַז זיי זאָלן דערנענטערט ווערן און די שטימונג זאָל זיין א וואַרימע, א גוטע.

אָבער ער האָט ניט געקאָנט אינגאַנצן אַרונטער פון דעם געשפּרעך וואָס זיי האָבן געפירט, האָט ער געזאָגט:

— וואָס קומט אַרויס, עטל, אַז מען שרייבט גוטע זאַכן, וואָס קומט שוין אַרויס, אַז עס שאַפט זיך אַזא גרויסע אידישע ליטעראַטור — אַז אַזא מיידל ווי איר, אַזא טייערע אידישע טאָכטער, הויבט ניט אָן צו לייענען קיין אידיש וואָרט!

— וואָס איז? — האָט עטל געלאַכט — מען קאָן ניט אויסקומען אָן מיר? איך האָב גאָרניט געוואוסט אַז איך בין אַזא וויכטיקער מענטש פאַר דער אידישער ליטעראַ־טור. איך הער עס צום ערשטן מאָל...

— איר לאַכט נאָך! — האָט ער איר אויסגערעדט

— אַמאָל, אין דער אַלטער היים, זיינען אידישע טעכטער פאַרצאַפּלט געוואָרן פון דעם קלאַנג פון קירכן־גלאָקן, און דאָ זיינען זיי גלאַט פרעמד פון דעם אידישן לעבן. פאַר־וואָס זאָל אזא מויד ווי איר ניט וויסן, לאָמיר זאָגן, ווער דר. קאַראַלניק איז? פאַרוואָס זאָלט איר ניט ווערן לייענען די ווערק פון א שלום אש, אָפּאַטאָשו, לייוויק, פוקס? אז זיי שרייבן אף אייער טאַטע־מאַמע׳ס שפּראַך. טויגן זיי שוין נישט?...

— פונקט צען סענט — האָט זיך עטל אָפּגערופן.

— וואָס פאַר א צען סענט? — האָט ער איר אָנגע־קוקט.

— איר האָט גערעדט פאַר פונקט אזוי פיל — האָט עטל געזאָגט אין א זייער נאַיוון טאָן. — אז איר האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער אידישער ליטעראַטור, האָט דער „מיטער״ פון דער טעקסי געוויזן פינף און פופציק סענט. אז איר האָט אָפּגערעדט, איז שוין געוואָרן פינף און זעכציק...

זיי האָבן געשוויגן א ווייל. עס האָט זיך געהערט דאָס זשומען פון די גומענע רעדער אפ׳ן בולוואַר. פאַראויס און אַנטקעגן זיינען געפאָרן אויטאָמאָבילן און עס האָט זיך געפילט ווי אין א לייכטן שטענדיקן גערויש.

— נישט מאָדנע? — האָט ווינטינפעלד געזאָגט — ווי מען קאָן זיך דערמאָנען אין אן אַלטע לאַנג־פאַרגעסענע פאַסירונג, בלויז דורך א געוויסן מענטשן. צוליב אייך האָב איך זיך איצט דערמאָנט אין אן אַנדער מיידל. ס׳ איז מיט איר געשען א זאַך, וואָס איך האָב געמיינט, כ׳וועל עס שטענדיק זען פאַר די אויגן. אָבער כ׳האָב עס ביז

איצט געהאַט אײנגאַנצן פאַרגעסן. קוקנדיק איצט אױף אײַך, האָב איך זיך, כ׳װײס ניט פאַרװאָס, דערמאָנט אין איר.

כאָטש אין דעם טאָג פון די װערטער האָט עטל געפילט אַז דאָס האָט געמוזט זײַן זײער אַ טראַגישע פּאַסירונג, און ס׳ האָט זיך איר בעסער געװאָלט שטיפן, איז זי אָבער געװען זײער נײַגעריק צו הערן װאָס װינטינפעלד װעט דערצײלן.

— דאָס איז שױן געװען זײער לאַנג — האָט װינטינ־פעלד אָנגעהױבן דערצײלן שטיל, אָנכאַפּנדיק אין װערטער דאָס אַלגעמײנע בילד װאָס ער האָט פאַר זיך דערזען— שױן אודאי אַ יאָר פופצן אין דעם. דאָס איז געװען אין דערהײם, אין מײַן שטעטל אין אוקראַינע.

בין איך אַמאָל אין אָן אָװנט געגאַנגען צו מײַן מומע רײזל׳ען אױפן באַרג. אין דעם באַרג, האָבן קינדער גע־זאָגט, איז אָן אוצר באַהאַלטן, און אױבן האָט מײַן מומע רײזל געװאױנט. זי האָט ניט געװאוסט װאו דער אוצר ליגט... זי איז געװען אַ שנײַדערין, און בײַ איר האָט אַ מײדל, אַ יונגע, אָרימע, זײער חנ׳עװדיקע מײדל געאַרבעט. פאַניע האָט זי געהײסן.

געדענק איך, װי פאַניע איז געזעסן בײַ דער נײ־מאַשין, געלאָזט די מאַשין גײן, און זי האָט געזונגען. גענײט און געזונגען. ס׳ איז געװען דער לעצטער טאָג װאָס זי האָט דאָרטן געאַרבעט. אין אַ פּאָר טאָג אַרום האָט זי געדאַרפט מיט איר מאַמע׳ן פאָרן קײן אַמעריקע.

איז זי פרײלאַך געװען, פאַניע. װײל כאָטש זי איז געפאָרן אין אַ פרעמדן װײטן לאַנד, איז אָבער דאָרטן אין יענעם לאַנד דאָ עמיצער װאָס װאַרט אױף איר, װאָס האָט

נאָך איר געשיקט. איר מאַמע און זיין מאַמע,ביידע אלמנות, האָבן א הויז נעבן א הויז געוואוינט, און איידער שלמה'קע איז מיט זיין מאַמע און מיט זיינע שוועסטער און ברידער קיין אמעריקע געפאָרן, האָט ער איר צוגע-זאָגט אז ער וועט איר צושיקן א שיפס-קארטע און וועט איר מיט איר מאַמע'ן אריבערברייינגען צו זיך.

און ער האָט זיין וואָרט געהאלטן און האָט געשיקט שיפס־קארטעס פאר איר מיט איר מאַמען.

איז זי געזעסן פאניע דעם לעצטן אָוונט בא דער מומע רייזל'ען אפ'ן בארג און גענייט אף דער מאַשין.

גענייט און געזונגען מיט אן אומעטיקן און מיט א פארביינקטן קול א לידל:

פאָרן וועלן מיר קיין אַמעריקע —
ק י י ן אַ מ ע ר י ק ע .
דאָרט וועלן מיר סטרא־דא־יען;
דאָרט וועלן מיר סטרא־דא־יען!
ארבעטן וועלן מיר טאָג־און־נאַכט —
ט אָ ג א ו ן נ אַ כ ט . . .

ווי אומעטיק זי האָט די ווערטער ארויסגעזונגען, איז אָבער אין דעם אויך געווען אזוי פיל האָפנונג, דערוואר-טונג. זי פאָרט אין פרעמדן ווייטן לאַנד צו איר שלמה'קען. שלמה'קע האָט נאָך איר געשיקט.

— דאָס איז געווען, עטל, שוין לאַנג צוריק. א פופצן יאָר אודאי. אין מיין שטעטל, בא דער מומע רייזל'ען אפ'ן בארג, אפ'ן הויכן בארג, וואו קינדער האָבן געזאָגט, אַז אוצר ליגט באַהאַלטן.

מיט פינף יאָר שפּעטער בין איך מיט איר שלומה'קען

— סעם, האָט ער זיך גערופן — איבער נויאָרקער גאַסן ארומגעגאנגען. ער האָט מיר, דעם פרעמדן, דעם ערשט אָנגעקומענעם, ארומגעפירט וויזן די שטאָט.

און גייענדיק אזוי, זיינען מיר צו א קליינעם פּארק צוגעקומען. ער האָט מיר אָנגעוויזן אף א נייע הויכע געביידע.

— זעסט אָט די הויז? — האָט ער געפרעגט.

— איך זע.

— אָט דאָ אף דעם פּלאַץ איז פריער אן אַלטע געביידע געשטאַנען. די „טרייענגל בילדינג" האָט זי געהייסן, און דאָרט אין א שאפּ האָט פאניע געארבעט. האָסט געקענט פאניע'ן?

— יאָ, געקענט.

— איז איינמאָל א באַטאָג — האָט ער דערציילט — איך האָב דעמאָלט ניט געארבעט, בין איך געגאנגען צו איר אין שאפּ איר רופן פאר „דינער". אז איך בין צו-געקומען, איז די גאַס געווען שווארץ פון מענטשן. פייער-לייט האָבן א גרויסן פייער געלאָשן.

דער שאפּ אין וועלכן פאניע האָט געארבעט, האָט גע-ברענט. איך ריים זיך, וויל לויפן אין פייער אריין פא-ניע'ן ארויסנעמען, אָדער מיט איר פארברענט ווערן. אָבער פייערלייט לאָזן ניט. פּאָליסלייט האַלטן מיר פעסט. איך קאָן זיך קיין ריר ניט טאָן.

און פייערלייט טראָגן פון דאָרטן קערפּערס און קער-פּערס. נישט קיין מענטשן טראָגן זיי, נאָר קערפּערס, און איינער איז פון פאניע'ן געווען. איך האָב איר דערקאָנט.

איך האָב געזען ווען מען האָט איר קערפּער אַרונטער־געבראַכט.

* *
*

די „טעקסי" האָט זיך אָפּגעשטעלט באַ דער אָפּערע הויז און עטל מיט ווינטינפעלד'ן זיינען אַרויסגעגאַנגען.

א קאַלטער ווינט פון לעיק האָט א בלאָז געטאָן.

אויטאָמאָבילן האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַוועגן אויף דער גאַס, האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַ די טירן פון דער אָפּערע הויז, און ווייטער געפאָרן.

ווען עטל און ווינטינפעלד האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער ברייטער טיר, זיינען אָנגעקומען א פּאָר פאָלק, פּאָר וועלכן אַן אָשער האָט מיט א טיפן נויג די טיר געעפנט.

די פרוי — א יונגע, א בלאָנדע מיט בלויע לויטערע אויגן, אָנגעטון אין א רויטן מאַנטל, אין וועלכן זי האָט, זיך פעסטענדיק, איינגענורעט, און וואָס האָט די פאָרמען פון איר שלאַנקן קערפּער בולט'ער אַרויסגעוויזן.

דער מאַן וואָס איז געגאַנגען מיט איר, איז געווען אָנגעטאָן אין א צילינדער הוט, און „פול דרעס". צוויי קליינע בייזע גרויע אויגן האָבן אַן באַוועגונג אַרויסגעקוקט. ס' געזיכט א טרוקנס. די ליפּן געשלאָסן איינע צו דער אַנדערער. דער גאַנצער אויסזען זיינער א רחמנות'דיקער. עס האָט געפעלט דער לעבעדיקער מענטש אין אים.

אָבער ער איז געגאַנגען זייער שטאָלץ, מיט דער שיינער פרוי אין פאָראויס.

עטל מיט ווינטינפעלד׳ן האָבן זיך איבערגעקוקט און ביידע האָבן געשמייכלט.

— א מיליאָנער! — האָט ווינטינפעלד א זאָג געטון מיט כלומר׳שטע באוואונדערונג.

— א אידיאָט!... א ליימענער גולם! — האָט עטל ארויסגעזאָגט וואָס זי האָט פון יענעם געטראכט.

אינעווייניק, אין דעם גרויסן קאָרידאָר, האָט זיך גע־טומלט. א לאנגע רייע מענטשן זיינען געשטאַנען ווארטנ־דיק בא דער קאַסע. בא דער טיר נעבן דעם אריינגאַנג, איז געשטאַנען א יונגערמאַן בא א טישל און הויך אויס־גערופן, האַלטנדיק עטלאכע בראָשורעס אין האַנט:

— אַלץ וועגן דער היינטיקער אָפּערא. דער גאַנצער אינהאַלט פון „פאוסט". פינף און צוואַנציק סענט!

מענטשן האָבן זיך ארומגעדרייט, געשטאַנען בא די ווענט האָבן זיך ארומגרופּירט און געפירט געשפּרעכן. אידישע פּנים׳ער האָבן זיך א סך ארויסגעזען.

— זע נאָר, ווען זע איך! — האָט ווינטינפעלד׳ן אָפּגעשטעלט א יונגערמאַן מיט א קליינעם געזיכט און מיט א ברייטע גרויסע קוטשמע האָר און אים אָפּגעגעבן א ברייטן שלום עליכם — אייך איז גוט. איר עסט מסתמא אָפּערא מיט ברויט.

זיין ריידן און זיין האַלטן זיך איז געווען זייער פריי. אָט זאָלן אַלע קוקן אף אים, זיך צוהערן צו זיין ווייכע שטימע וואָס קלינגט אָפּ אַזוי ווייט. ער איז א אידישער אינטעליגענט און האָט ליב אָפּערא. ער פ א ר ש ט י י ט וואָס אָפּערא איז.

— קומט אהער! — האָט ער שוין ניט אָפּגעלאָזט ווינטינפעלד׳ן — איך האָב אייך עפּיס צו דערציילן. איר מעגט עס אויך הערן — האָט ער א קוק געטון אף עטל׳ען.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט זיי אין א ווייטן ווינקל און גענומען זיך ארומשפּילן מיט ווינטינפעלד׳ס א קנעפּל פון אנצוג.

— ס׳ איז עק וועלט, ווינטינפעלד! — האָט ער מיט הארץ ארויסגערעדט — הערט וואָס אין אמעריקא קאָן זיך פארלויפן!

און ער האָט דערציילט:

— איר ווייסט דאָך, איך בין א לערער אין דער אידישער פאָלקס־שול. איך האָב די שול געגרינדעט. צי איך קריג יאָ באַצאָלט, צי איך קריג ניט — די שול איז מיר ליב. די תלמידים זיינען מיר טייער.

איז א חוץ די קלאסן, האָבן מיר א יוגנט קלוב. מען קומט זיך צונויף. איך רעד צו זיי וועגן צייט-פראגן. מערסטנס רעד איך צו זיי, פארשטייט זיך, פון סאָוויעט רוסלאַנד, דאָס נייע רוסלאַנד וואָס איז מיר אזוי ליב. איך דערקלער זיי דעם אונטערשייד פון רוסלאַנד און אַמעריקע. אמעריקע, זאָג איך, איז א מאַטעריאליסטישע לאַנד, א לאַנד פון דאלארס, און רוסלאַנד איז אַן אידעאַליסטישע לאַנד. א לאַנד פון קעמפער, און אזוי ווייטער. איר פארשטייט דאָך.

איז דאָ צווישן די תלמידים איינער א בחור׳ל, גראד א וואויל בחור׳ל, א גוט קעפּל. דער טאַטע זיינער איז א ראדיקאלער מענטש. נאָר ווען איך רייד געגן אמעריקע, זע איך אין אים, אז ער וויל עס ניט ליידן. ס׳ שטייט

אים ניט אָן וואָס איך באַליידיק זיין אַמעריקע. סע זיינען, ברוך השם, דאָ נאָך אַזעלכע בחורים׳לאַך וואָס לאָזן אַרונטער די נעזלאַך אַז איך ריר אָן זייער לאַנד. לויבן דאָס נייע רוסלאַנד — מהיכא תיתי. נאָר קאָלאָמבוסעס מדינה — איז באַ זיי אַ געוואַלד.

ד ע ר בחור׳ל אָבער איז גאָר אַ גוואַלדיקער פּאַטריאָט פון אַמעריקע. שוין עטלאַכע מאָל האָט ער מיר געזאָגט: ער וויל ניט איך זאָל „נאַקן" — אַ לשון, „נאַקן" ! — זיין אַמעריקע. ער האָט עס ליב...

איך בין דאָך אָבער אַ לערער. איך דאַרף די קינדער דערציען, אין זיי איינוואָרצלען דעם ראַדיקאַלן געדאַנק, הער איך זיך ניט צו וואָס די קינדער ווילן יאָ און וואָס זיי ווילן ניט. איך רעד זיך מיינס. באַזונדערס האָב איך ליב באַ יעדער געלעגנהייט צו ציען אַ פּאַראַלעל צווישן דעם מאַטעריאַליסטישן אַמעריקע און דעם אידעאַליסטישן רוסלאַנד.

היינטיקע וואָך — נעכטן ! — רעד איך צו זיי וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן פירער לענין, און זאָג צו די קינדער:

— זעט אינמיסטן. רוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ לענין. אַ ליכטיקע פערזענלאַכקייט. אַ קעמפער, אַ אידעאַליסט. אַ באַפרייער פון דעם אַרבעטער קלאַס. וועמען אָבער האָט דאָס מאַטעריאַליסטישע, דאָס דאָלאַר לאַנד אַמעריקע אַרויסגעגעבן ? — אויך אַ „קעמפער", אַז אָך און אַז וויי : דזשעק דעמפּסי ! אַ נאַציאָנאַלער העלד !...

הויבט זיך אויף אָט דאָס בחור׳ל וואָס איך דערציי׳ל אייך. זיין פּנים׳ל ווערט בלאַס און רויט, אַלערליי קאָלירן, און ער רופט זיך אָן צו מיר :

— הערט אויס, פּערלמאַן, אויב איר וועט נאָכאַ־מאָל וואגן צו באליידיקן מיין אמעריקע, וועל איך רופן א פּאָליסמאַן און מע וועט אייך ארעסטירן !...

איהר הערט, ווינטינפעלד ! וואָס שווייגט איר, ס׳ איז דאָך עק וועלט !

אָבער ביידע׳ן, אי ווינטינפעלד׳ן און אי עטל׳ען, איז די געשיכטע וועגן דעם אמעריקאַנעם אידישן בחור׳ל זייער געפעלן געוואָרן, כאָטש יעדער פון זיי האָט עס אויפגע־נומען אוף א באזונדערן אופן. זיי האָבן זיך ביידע הארציק צולאכט און ווינטינפעלד האָט נאָכדעם געזאָגט צו פּערל־מאַנ׳ען.

— היט זיך טאקע. דער בחור קאָן האלטן וואָרט.

זיי האָבן געלאָזט פּערלמאַנ׳ען שטיין אין זיין ווינקל, און זיינען, אנטשולדיקנדיג זיך, אוועקגעגאנגען.

— ער איז א מערקווירדיגער פּערזאָן — האָט ווינטינ־פעלד געזאָגט צו עטל׳ען — אן אמת׳ער פאנאטיקער. א מאָדערנער פאנאטיקער. איך האָב געהערט א שיינע גע־שיכטע וועגן אים. צי ס׳ איז אן אמת צי ניין, ווייס איך ניט. אָבער עס פּאסט זיך גוט צו פּאר אים.

ער האָט זיך אומגעקוקט. פּערלמאַן איז נאָך געשטאַנען אין זיין ווינקל, מיט דעם זעלבן אויסדרוק אפ׳ן פּנים.

— מיט א פּאָר וואָכן צוריק — האָט ווינטינפעלד דער־ציילט — איז ער ארום דריי אזייגער באנאכט אוועקגע־גאנגען פון דער „בלויער קרעטשמע". דאָס איז א פּלאַץ, וואו מען קומט זיך צונויף טרינקען א גלעזל קאווע, און מען אָרגאניזירט, מען באשליסט און מע גרינדעט און מען מאכט בא זיך אָפּ — אלץ אין דער וועלט !

איז ער ארויסגעגאנגען פון דאָרטן און זיך געלאָזט גיין אהיים. די הוט ארונטערגערוקט, מעשה וואוילער יונג, אף דער שפּיץ נאָז, און ער גייט. קומט אים אָן אנטקעגן א פּאָליסמאַן: שטיי! ער פרעגט אים אויס, וואו ער גייט אזוי שפּעט. וואָס עס איז זיין ארבעט.

ענטפערט ער אים אז ער איז געזעסן אָט אָ דאָרטן אָ פון אויבן און אז ער באַשעפטיקט זיך אלס א לערער. ער לערנט מיט אידישע קינדער.

קוקט אף אים דער פּאָליסמאַן, גלויבט אים גראָד יעדער וואָרט, דרייט דעם קלאָב אין האַנט, און זאָגט אים:

— אָ, אזוי? דו ביזט א „היברו טיטשער"?

האָט עס פּערלמאַן ניט געקענט פארליידן און גענומען אויפקלערן דעם פּאָליסמאַן:

ער איז ניט קיין היברו טיטשער, נאָר א א י ד י ש ע ר טיטשער. היברו, העברייאיש, לשון „קוילעטש" איז א טויטע שפּראַך. אויף אידיש אָבער האָבן געשריבן און עס שרייבן: מענדעלי, שלום עליכם, פּרץ, משה נאַדיר, משה לייב האלפּערין, אָלגין... זאָל דער פּאָליסמאַן ניט פאר־בייטן אידיש אויף היברו.

ווען ווינטינפעלד איז צוגעגאנגען צוריק צו עטל'ען מיט די בילעטן אין האַנט, האָט ער דערזען ווי פון דערווייטנס קוקט אף אים מיט קנאה-בליקן זעליק הערמאַן. ער האָט א וואונק געטאָן און יענער איז צוגעקומען, קוקנדיק אף די בילעטן און אף עטל'ען.

— זייט באַקאַנט — האָט זיי ווינטינפעלד פאָרגע־שטעלט — עטל לעווין און זעליק הערמאַן, א אידישער דיכטער.

עטל האָט אים גענעבן איר האַנט און אירע אויגן האָבן שנעל זיך א וואָרף געטון אַף אים. דערזען: א גראָב בייכל, אויסגעקראָכענע האָר, גרויע אויגן. אַ מאָדנער דיכטער... — האָט זי א טראַכט געטון.

— דו ווייסט, ווינטינפעלד — האָט זעליג געזאָגט — איך האָב מיין בוך לידער „אפ'ן אלטן שטיינער" שוין באלד אויספארקויפט. טויזנט קאָפּיעס.

— און פאר יעדן בוך נעקראָגן דיין פרייז — פינף דאלאר?

— פינף און צען און פופצן דאלער אויך — האָט הערמאַן געענטפערט.

— אבי איר האָט צו מיר טענות — האָט עטל געזאָגט צו ווינטינפעלד'ן — פארוואָס איך לייען ניט די אידישע ליטעראטור. פונקט ווי זי קאָן זיך אָן מיר ניט באגיין. אָט קריגט א אידישער דיכטער פינף און צען און פופצן דאלער פאר זיין א בוך.

— אייך וועל איך געבן א בוך אומזיסט — האָט הערמאַן געזאָגט און גענומען אויסבינדן א פעקל וואָס ער האָט געהאלטן אין האַנט.

— טראָגסט ארום מיט זיך דיינע לידער? — האָט זיך ווינטינפעלד געוואונדערט.

הערמאַן האָט אים געענטפערט געשעפטסמעסיק:

— איך האָב שוין דאָ היינט פארקויפט דריי ביכער. איך קום אהער א דריי מאָל א וואָך. אהערצו, פארשטייסטו מיר, קומען אידן וואָס האָבן געלט.

ער האָט געוויזן עטל'ען א בוך זיינעם און געזאָגט:

— איר וועט דאָך דעם בוך איצט ניט ארומטראָגן מיט זיך. איכ׳ל אים אייך געבן אן אנדערש מאָל. איר קריגט א בוך...

— אָלרייט — האָט עטל געשמייכלט און זיך גע־טראכט: ער וויל א פינפעריל...

הערמאַן האָט צוריק פארבינדן דאָס פעקל און אלץ מיט דעם זעלבן געשעפטסמעסיקן טאָן געזאָגט:

— טויזנט דאלער קאָסט מיר דער בוך, און איך דארף פון אים רייך ווערן.

— ווער צאָלט דען אזויפיל געלט פאר א בוך אידישע לידער? — איז ווינטינפעלד געוואָרן נייגעריק.

— ווער סע צאָלט? — האָט הערמאַן איבערגעפרעגט און אריינגעשאָטן טאבאק אין זיין לולקע — ניטאָ אין שיקאגא קיין אידן וואָס האָבן געלט? איך פארקויף אים צו אידישע ריכטער, אדוואָקאטן, דאָקטוירים, ראבאים. איך קום צוגיין און זאָג זיי: דאָ אין דעם בוך איז דאָ א פאָעמע ,,יום כפור." האָב איך זיך מיט איר ניט וואָס צו שעמען פאר היינריך היינע׳ס ,,שבת". און איך נעם לייענען א פאָר סטראָפן — קויפט מען דעם בוך. זעסט אָט די ,,פייפ"? דאָס האָב איך געקראָגן א מתנה פון א אידישן געהילפס-פראָקוראָר. איך האָב אים געגעבן א בוך, האָט ער מיר געגעבן צען דאלער און אָט די ,,פאיפ" א מתנה. ס׳ אן אכט דאלער׳דיקע פאיפ. ס׳ איז פון פימסנהאָלץ...

ווינטינפעלד האָט איצט געוואָלט וויסן עפּיס אנדערש:

— ווי אזוי גיט א דיכטער אין אונזער צייט ארוים

א בוך מיט לידער און רופט אים : „אפ'ן אלטן שטייגער״? ווי אזוי גייט מען איצט אף אלטע וועגן? וועגן פירן איצט איבער פּאַלעו, איבער וואָלקנס. וועגן פירן איצט איבער פלעצער, וואו קיין מענטשלאכע פיס האָבן קיינמאָל ניט געטראָטן. אין אונזערע אויערן קלינגט דער ריטם פון נייע ווייטע וועלטן. איצט אז א דיכטער קומט, דארף ער ברייגגען מיט זיך נייס. אפילו א שפּראך א נייע. אין זיין וואָרט דארפן זיך פילן אלע ניואנסן, אלץ וואָס מיר אלע שפּירן אין זיך. דער דיכטער דארף נאָך גיין ווייטער. אונז פירן פאָרויס, אַנטפּלעקן פאר אונז די נייסטע, די ווייטערדיקע צייט. איצט גייט איר אף אלטע וועגן? „אפן אלטן שטייגער״?

עטל האָט געקוקט אף ווינטינפעלד'ן, אָנגעשטעלט אף אים אירע שווארצע אויגן וואָס האָבן זיך איצט צו'גרויסט. זי האָט די ווערטער פריער קיינמאָל ניט געהערט. אָבער דאָס איז דאָך וואָס זי פילט, וואָס זי שפּירט אין אירע בלוטן.

זעליק הערמאַן האָט אויסגעהערט ווינטינפעלד'ן. גע-צויגן און געבלאָזן דעם רויך און געזאָגט, איצט שוין אין א פילאָזאָפישן טאָן :

— אזוי? איצט איז אונזער צייט. נייע וועגן האָבן זיך אויסגעשפּרייט. אן עק — ניטאָ דאָס אלטע. דאָס וואָרט פון די נביאים און די רייד פון די אלטע גריכישע דיכטער — אלץ פארשוואונדן. איצט איז איצט. ניטאָ קיין געפיל פאר גערעכטיגקייט. פאר שיינקייט. אוים וועלט-שמערץ. די פראגע פון לעבן און טויט — אָפּגע-מעקט, פארענטפערט. די וועלט שטייט שוין איצט ניט פאר אונז מיט אירע וואונדער. דאָס אלטע וואָרט האָט

מער קיין באדייטונג ניט. אין א ליד ארויסזאָגן דאָס וואָרט „ליבע" איז א פאַרברעכן.

ער האָט א שמייכל געטון:

— נו, בא מיר איז נאָך טייער מיין זיידנ'ס תפילין־זעקל... די טעג פון מיין לעבן זיינען קורץ ווי עס זיינען געווען קורץ די טעג פון מיינע עלטער-עלטער זיידעס. איך וועל זינגען א סערענאַדע צו מיין געליבטער, וועל רויכערן מיין ליולקע, וועל גיין אף אַלטע וועגן און וועל זינגען „אפן אלטן שטייגער".

— אָבער איך רעד ניט אזוי פון דעם אינהאַלט. איך רעד פון דעם פאָרם — האָט זיך ווינטינפעלד ניט געלאָזט באאיינפלוסן פון הערמאַנ'ס סענטימענטן — אָט נעם, א שטייגער, מיט דיין אלטער „הארציקער" שפּראַך און באַשרייב, באַזינג ווי דער ערשטער פליער איז דעם אַט־לאַנטישן ים אריבערגעפלויגן. ווי אזוי ער איז מיט דעם קלאַפּן פון דעם מאָטאָר אין זיינע אויערן, געפלויגן איבער די וואָלקנס. געזען פאַר זיך אין דער נאַכט אריין א בילד פון חלום-לאַנד. אונטן כמאַרעס און אונטער די כמאַרעס דער ווייטער צושפּרייטער שטורמדיקער ים. און ער, דער העלד פון אונזער צייט, איז באַם רעדל געזעסן און זיך געצויגן ווייטער און ווייטער — צום ענד-ציל. נאַכט און ים און רוים און שווארצער תהום און דער פליער אין זיין קליינע לופט-שיף, מיט זיינע אויסגעשטעלטע אויגן אין דער ווייטקייט, האָט אין דעם גרויסן ים מיילן געמאָסטן, דעם ים געשטופּט הינטער זיך, א שפּילכל זיך פון שרעק פון טויט געמאַכט און מיט יעדערן ווייטערן פלי האָט ער דעם ים באַזיגט. באַזיגט די אונענדלאַכקייט. באַזינג עס!

ווינטינפעלד האָט זיך א כאַפּ געטון און דערזען אז דער עולם איז שוין אריין אינעווייניק.

— איר גייט דאָך ניט צו דער אָפּערא — האָט ער געזאָגט הערמאַנ׳ען און צערטלאָך א נעם געטון עטל׳ען בא א האַנט — קומט!

---

אז דער ערשטער אקט האָט זיך געענדיקט און די זינגער האָבן זיך אָפּגענויגט פאר׳ן פּובליקום, האָט עטל אויפגע-הויבן דעם קאָפּ, זיך א צי געטון מיט איר קערפּער און אָפּגעאָטעמט.

— דאָס איז קונסט, א יאָ? — האָט זי האלב ערנסט געפרעגט ווינטינפעלד׳ן.

— ס׳ איז ניט איין קונסט. ס׳ איז עטלאַכע — האָט ער געענטפערט — ס׳ איז געזאַנג, שוישפּיל, בינע טעכניק, טענץ. וואָס איז אייער איינדרוק ביז איצט?

האָט אים עטל דערציילט אז פון אלץ איז איר געבליבן דער איינדרוק פון מעפיסטאָפעל׳ן. דאָס גרויע און מיס-טישע וואָס וועבט זיך ארום אים. די גאנצע געשיכטע ווי ער מאכט יונג פאוסט׳ן און טרייבט אים צו אונטער-גאַנג, אינטערעסירט איר ניט שטאַרק. זי האָט ליב נאַ-טירלאכע יוגנט, פרישקייט, אמת׳ע יוגנט-פרייד. די גאַנצע צייט וואָס זי קוקט אף דעם יונג געוואָרענעם פאוסט׳ן, האָט זי דעם איינדרוק אז זי זעט נאָך אלץ דעם אלטן אָפּגעלעבטן דאָקטאָר מיט דער ווייסער באָרד. מעפיס-טאָפל אָבער איז אן אמת׳ער רוח. זיין גרויקייט וואַרפט אָן א פחד.

— ס׳איז דאָך א אידישער זינגער, דער פינקל וואָס

שפּילט די ראָלע פון מעפיסטאָפל? — האָט זי געפרעגט, קוקנדיק אין דער פּראָגראַמע.

— נאָך אַ מין איד! אונזערער אַ איד — האָט ער געוויזן אויף זיך — איר ווילט זיך מיט אים באַקענען נאָך דער פאָרשטעלונג?

— וואָס דען, איך וויל ניט? — האָט עטל פריילאַך אויסגערופן — ווען ענדיקט זיך די פאָרשטעלונג? איר קאָנט זיך מיט אים טאַקע גוט?

די פראַגן זיינען ארויסגעקומען האסטיק. ס'איז געווען פאר איר א גרויסע איבעראשונג. באלד וועט זי ווערן באקאנט און ריידן מיט דעם זינגער וואָס עטלאכע טויזנט מענטשן האָבן אים היינט אזוי אפּלאָדירט.

מיט אייניקע אידישע שוישפּילער איז זי באקאנט. ווען זיי גייען אין דער רעדאקציע, באמערקן זיי איר. ווען זיי גייען ארונטער, קוקן זיי ווידער אויף איר און זיי זעען זיך שוין מיט איר צו באקענען. איינער פון זיי, א יונגערמאַן מיט א לאנגזאמען, הייזעריקן קול און מיט א חסידישער באנעמונג, האָט זיך מיט איר גאָר נאָענט באקאנט. ער האָט זיך געמאַכט א טבע, אריינקומען אין אָפיס, זיך אוועקזעצן בא א טישל ניט ווייט פון איר און שרייבן בריוו.

— איר ווייסט צו וועמען איך שרייב די בריוו? — האָט ער איר געפרעגט.

— א שטייגער?

— צו א שוישפּילערין אין נויאָרק — האָט ער איר דערקלערט — זי איז א וואונ־דער־בארע שוישפּילערין, א וואונ־דער־בארע פרוי. אָבער קיין ענטפער אויף מיינע בריוו

באקום איך פון איר ניט... איר זאָלט לייענען מיינע בריף צו איר!

און ער האָט טאַקי איבערגעלייענט דאָס וואָס ער האָט נאָר וואָס געשריבן צו איר.

עטל האָט זיך געוואונדערט: ער קומט און זעצט זיך אוועק נעבן איר, זי פילט אַז ער לאָזט פון איר די אויגן ניט אַרונטער, און ער שרייבט בעת מעשה בריף — די וואַרמסטע ליבע־בריף — צו אַ שוישפּילערין אין נו־יאָרק, פון וועלכער ער באַקומט קיין ענטפער ניט...

אָבער היינט וועט זי זיך באַקענען מיט אַ באַרימטן אָפּערא „סטאַר". און בעת זי האָט געטראַכט וועגן דער באַלדיקער באַקאַנטשאַפט, איז איר אין געדאַנק אַרויפ־געקומען די פראַגע: ווער איז גרעסער — אַ באַרימטער אָפּערא זינגער, אָדער אַ באַרימטער מאָווי אַקטיאָר?

אַ לאַנגע צייט האָט זי זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק צו ווערן אַ מאָווי אַקטריסע. זי האָט אָפט באַזוכט מאָווי הייזער, געלייענט מאָווי זשורנאַלן, געקוקט אויף די בילדער און געלייענט די באַשרייבונגען פון באַקאַנטע מאָווי אַקטריסעס און זיך פאָרגעשטעלט אַז זי וואָלט אויך געקענט זיין אַ מאָווי אַקטריסע.

מילא מיט שיינקייט — האָט זי זיך געטראַכט — וועט זי זיך שוין אַן עצה געבן. אָבער ווי אַזוי ווערט מען עס? איז עס צופאַל? דאַרף מען האָבן טאַלאַנט?

און איינמאָל איז זי אַרויפגעקומען אין דער רעדאַקציע, וואו שאַפּיראָ איז געזעסן איינער אַליין און געשריבן אַן אַרטיקל. זי איז צוגעגאַנגען צו אים, געמאַכט אַ רחמנות־געפּעסטעטן פּנים און געזאָגט:

— שאפּירא. מיסטער שאפּירא!

— וואָס איז געשען? — האָט ער זיך געוואונדערט, און קוקנדיק אױף איר געזען אז אַלץ איז מיט איר אין בעסטן אָרדנונג.

— איך וויל ווערן א מואווי אקטריסע — האָט זי זיך פּשוט געבעטן בא אים — זאָגט מיר, ווי אזוי ווערט מען אן אקטריסע אין די מואווים?

— שוין צו שפּעט... — האָט שאפּירא געשמייכלט.

— וואָס מיינט איר? כ׳ בין שוין צו אלט דערפאר?
— האָט זי אים שוין איצט אָנגעקוקט פארוואונדערט.

— וואָס פאלט אייך איין? — האָט ער געקוקט אױף איר און געטראכט: גאָט מיינער, ווי שיין זי איז! — כ׳ מיין, שוין צו שפּעט, עטל. כ׳האָב שוין א טעמא און שרייב שוין אן ארטיקל. ווען איר קומט ארויף מיט א צען מינוט פריער, וואָלט איך געשריבן אזא ארטיקל: זי וויל ווערן א מואווי אקטריסע. דאָס איז די „קאָפּ״. און נאָכדעם וואָלט איך געשריבן אזוי: זי איז יונג און —

עטל האָט אױף אים א קוק געטון א ברוגז׳ע און אים איבערגעשלאָגן:

— איר וואָלט מיר אויסגענוצט אױף א טעמא פאר אן ארטיקל?...

— זיך מעג איך? — האָט ער זיך געוואָלט פאר־ענטפערן.

— זיך יאָ, און מיר ניט!... האָט זי אָנגעהאלטן איר ברוגז.

ווען זי איז שוין געווען ארונטערגעגאנגען, האָט זי

בא זיך אליין א פרעג געטון: וואָס האָט זי געוואָלט פון אים, און וואָס איז זי ברוגז געוואָרן?

וואָס, א שטייגער, מאַטערט זי אים?...

* * *

אז פינקל איז ארויסגעקומען פון זיין „דרעסינג רום" און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. איז אים אַנטקעגן־געקומען דער דירעקטאָר פון דער אָפּערא קאָמפּאַניע, פּאָליאסקאָ.

דער דירעקטאָר האָט אים פריינטלאַך געגעבן די האַנט, געקוקט אויף אים ווי עס קוקט א פּראָפעסאָר אויף זיין א באַליבטן סטודענט און געזאָגט:

— גוט, זייער גוט!

האָט פּאָליאסקאָ'ס ווארעמער האַנט־דרוק אין זיינע פּאָר ווערטער געווירקט אויף פינקל'ען נאָך מער ווי די באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטן וואָס ער האָט באַקומען פון דעם דריי־טויזנט־קעפּיגן עולם נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעזונגען זיינע אריעס און אויף זיין טונקל־ מאַטן געזיכט האָט זיך ארויפגעצויגן א מילדקייט, א מילדקייט וואָס האָט ניט ווייך געמאַכט זיינע שאַרפע געזיכטס־שטריכן, נאָר פאַרוואַנדלט אין לייכטער גוטמוטיגקייט זיין פריערדיקע נערוויזיטעט, די נערוועאישקייט וואָס כאַפּט אים אַלע מאָל ארום איידער ער דאַרף ארויף גיין אויף דער בינע.

ער האָט געעפנט די טיר צום ארויסגאַנג און דערזען אַנטקעגן שטיין ווינטינפעלד'ן מיט אַן אומבאַקאַנטער מיידל.

צו ווינטינפעלד'ן פילט ער א נאָענטע פריינטשאַפט. מיט דריי יאָר צוריק ווען ער איז געקומען פון דייטשלאַנד

צום ערשטן מאָל אהער, א פּרעמדער, און קיינער האָט נאָך ניט געוואוסט פון אים, א חוץ דער דירעקטאָר וואָס האָט אים אַנגאַזשירט, איז ווינטינפעלד געווען דער ערשטער וואָס איז געקומען צו אים אין האָטעל, האָט אים אינטער־וויאואירט און נאָכדעם געשריבן א באַגייסטערטן אַרטיקל פון אים. דערציילט אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פון זיין לעבן, פון זינט ער איז געווען א משורר'ל בא א חזן, און אים פאָראויסגעזאָגט א גרויסע קאַריערע.

פינקל'ען האָט הנאה געטון וואָס צווישן דעם גרויסן עולם וואָס האָט אים היינט געהערט, איז אויך געווען ווינטינפעלד.

—אז איר האָט שוין היינט יאָ געזינגען אזוי גוט — האָט אים ווינטינפעלד אויפגענומען — טאָ באַקאַנט זיך מיט א שיינער מיידל, מיסס לעווין — מעפּיסטאָפל.

— עס פרייט מיר, — האָבן ביידע ארויסגערעדט, זיך דריקענדיג די הענט, און ווען זייערע בליקן האָבן זיך באַ־געגנט, האָט ווינטינפעלד באמערקט ווי אַן אונזעבאַרע פרייד האָט אזוי ווי א בליץ געטון צווישן זייערע ביידנס שווארצע אויגן.

פאַר פינקל'ען איז עטל געווען אין דעם ערשטן מאָמענט די שיינע פרוי, די יונג־פרוי, ווי ער האָט א טראַכט געטון, מיט איר צאַפּלדיקער פרישקייט און מיט איר באהאַלטענעם תאוה־געדאַנק וואָס וועט שפּעטער ארויסקומען.

עטל האָט געפילט ווען ער האָט זיך דערנענטערט, צו זיי, אז עס קומט עפּיס א קראַפט, א לעבעדיקע קראַפט, וואָס וועט איר באַהערשן, דאָס מילדקייט אַף זיין גע־זיכט האָט נאָך שטאַרקער אַף איר געווירקט. ס'איז געווען א גאַנץ אַנדערער געפיל ווי דער וואָס זי האָט צו שאַ־

פירא׳ן. ווען שאפּירא קומט צו צו איר, זעט זי אין זיינע אויגן באַרואיגונג, אַ נאָענטקייט וואָס גלייכט זיי ביידן אוים און אַלע מאָל ברענגט זי דערצו אַז זי זאָל איבער אים האָבן די אויבערהאַנט, און ער זאָל ניט קאָנען וויסן וואָס אין אירע געדאַנקען טוט זיך.

איצט, מיט פינקל׳ען, כאָטש זי האָט געוואוסט אַז די באַגעגעניש מיט איר איז פאַר אים אַן אַנגענעמע, האָט זי זיך אָבער אין די ערשטע פּאָר מינוטן אַביסל פאַר־לאָרן געגן אים. אַ װאַרעמקייט האָט איר אַרומגענומען און כאָטש זי האָט געפילט אַז זי וועט איצט ניט אינגאַנצן וויסן וואָס זי וועט ריידן, אפשר וועט זי אַרויסזאָגן עפּיס אַזוינס וואָס זי וועט ניט דאַרפן, האָט זי אָבער געוואָלט ריידן און ריידן צו אים.

— איך בין היינט אייער שטאַרקסטע פאַרערערין גע־ווען — האָט זי געזאָגט און דער פּנים אירער האָט אַ פלאַם געטון — איך האָב נאָר אייך אַליין געוואָלט הערן זינגען. אייער באַס־שטימע גראָבט אַזוי טיף און פאַר־נעמט אַזוי פיל... איך וואָלט אייך געקענט הערן זינגען שעה׳ן לאַנג.

פינקל האָט זיך נאָך אַמאָל אַ לייכטן בויג געטון, אַרונטערגענומען זיין הוט און ס׳ האָבן זיך אַ ווייז געטון זיינע שוואַרצע געדיכטע האָר וואָס וואַקסן קרעפטיק אַרויף.

— איך דאַנק אייך ווירקליך — האָט ער איר אַ דריק געטון איר האַנט.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דער אָפּערא הויז.

— איצט איז די פראַגע, וואוהין גייט מען? האָט ווינ־טינפעלד אַ זאָג געטון.

ביידע האָבן געקוקט אַף עטל'ען, הערען וואו זי וויל גיין.

זי האָט אויפגעהויבן דעם פוטערנעם קאָלנער איבער'ן האַלז, האָט א בויג געטון מיט איר קערפּער און געזאָגט:

— וואוהין איר ווילט.

ווינטינפעלד האָט א טראַכט געטון פון די אַלע פּלעצער וואָס ער ווייסט וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס שיקאַגער נאַכט לעבן. און וואו עס וואָלט איצט כדאי געווען צו פאַרברענגען א פּאָר שטונדן.

— ס' איז דאָ! — האָט ער א ווייז געטון מיט א פינגער, און א „טעקסי דרייווער" וואָס איז געשטאַנען באַם טראָטואַר מיט זיין אויטאָמאָביל און אַף זיי געקוקט, האָט שנעל אויפגעעפנט דאָס טירל — דאָ האָבן מיר היינט געזעען רייכע פרויען מיט דימענטן און בריליאַנטן און געהערט קלאַסישע מוזיק, איז גוט אז מיר זאָלן איצט פאָרן אין דעם נעגער־קוואַרטאַל, אין א קאַבאַרעי. דאָרט וועלן מיר זען אַנדערע בילדער און הערן די אמת'ע דזשעז.

זיי האָבן זיך אריינגעזעצט אין דער טעקסי.

— „סאַנשיין"! — האָט ווינטינפעלד דורכ'ן פענצ־טערל געזאָגט צום שאופער.

מישיגאַן בולוואַרד איז מיט עלעקטרישע ליכט געווען באַגאָסן. בלויע און גרינע ליכט. פון טעאַטערס און האָ־טעלן האָבן די עלעקטרישע ליכט זיך געוואָרפן, זיך אָנ־געפילט און פאַרהילט געוואָרן. פון ווייט האָבן גרויסע עלעקטרישע ליכט די ווערטער פון אן אויטאָמאָביל פירמע אויסגעליכטיקט און אנטקעגן האָט ארונטערגעשיינט און

עס האָבן אין קאַליפֿאָרניע ליכט זיך געביטן די ווערטער פֿון אַן אויפֿשריפֿט איבער דעם מישיגאַן צענטראַל וואָקזאַל.

פֿון דער צווייטער זייט, וואו דער בולוואַר איז פֿון קיין געביידעס ניט פֿאַרשטעלט, האָבן וואָלקנס רויך פֿון די באַנען אין דער לופֿט זיך געדרייט. ווייטער אַביסל איז דער מישיגאַן לעיק געלעגן אַ שטילער און געגלאַנצט אין דער נאַכט אַריין. ערגיץ ווייט זיינען אינזלען צושפּרייט און זיי שטייען איצט פֿאַרלאָזענע.

—ס'איז גוט אַביסל אַרויספֿאָרן — האָט ווינטינפֿעלד געזאָגט — נאָך אַ טאָג פֿון פּאָגראָמען.

— פּאָגראָמען? — האָבן עטל און פּינקל ניט פֿאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

— נישט דאָ... — האָט ווינטינפֿעלד דערקלערט — איך האָב היינט געשריבן נייעס וועגן אַ נייעם פּאָגראָם אין רומעניען. די פּראָצענט נאָרמעס אין אונגאַרן. אַרבעטסלאָזיגקייט אין פּאַלעסטינע און וועגן אַן אַנטיסעמיטישע ריידע וואָס אַ פֿירער פֿון די קלעניקעס האָט געהאַלטן טאַקע דאָ בא אונז אין שיקאַגאָ.

— מ'האָט אונז שטאַרק ליב אומעטום — האָט עטל געזאָגט און זיך באַלד דערמאָנט אַז די ווערטער האָט זי געהערט פֿון איר פֿאָטער, און כאָטש זי אַליין פֿילט עס ניט, ווייסט זי אָבער אַז דאָס איז אַזוי.

— מיר זאָלן זיין נאָענטער באַקאַנט — האָט פּינקל געזאָגט — וואָלט איך זיך דערלויבט אייך דערציילן אַ פּיקאַנטע געשיכטע, ווי אַזוי אַ קריסטלאַכע פֿרוי, אַן אַמעריקאַנערין, האָט מיר אַמאָל אָפּגעצאָלט פֿאַר די באַליידיגונגען וואָס דאָס אידישע פֿאָלק שטייט זיך אויס.

— דערציילט, דערציילט... — איז עטל געוואָרן ניי־געריק — אבי ס׳ א שיינע געשיכטע, האָב איך ליב צו הערן.

פינקל האָט אַף ווינטינפעלד׳ן ארויפגעוואָרפן די שולד פאר דערציילן די דערפארונג צו עטל׳ען.

— ווען ער הויבט ניט אָן צו רעדן וועגן פּאָגראָמען, וואָלט עס מיר ניט דערמאָנט אין די פארגיטיגונגען וואָס איך האָב געקראָגען פאר׳ן אידישן פאָלק.

עטל האָט א שמייכל געטון צו ווינטינפעלד׳ן.

— ס׳ אזוי — האָט פינקל אָנגעהויבן — אז איך בין אָנגעקומען אהער פאר א פּאָר יאָרן אין דער שיקאַגאָ סיוויק אָפּערא, האָב איך דאָ ניט געהאַט קיין באקאנטע. געווען א פרעמדער. די ענגלישע שפּראך ניט געקענט. ראָלן האָט מען מיר אין אָנהויב געגעבן זעלטן און ניט אָנגעזעענע. איך בין געווען געקומען אהער פון דער שטאָטס אָפּערע אין דייטשלאנד, וואו איך בין געווען אנער־קענט. האָב איך זיך געפילט ניט אמבעסטן.

— אָפּגעווען דאָ א קורצע צייט, האָב איך זיך נאָענט באפריינדעט מיט דעם רוסישן אָפּערא זינגער, בערלינסקי. ער איז שוין דאָ געווען א פּאָר יאָר, אָבער ער האָט זיך דאָ ניט איינגעלעבט. געבייגקט אהיים, קיין רוסלאנד. דערצו האָט זיך ארויסגעוויזן אז מיר זיינען לאנדסלייט. מיר קומען ביידע פון איין שטאָט. מיר האָבן זיך דאָרט ניט געקאָנט און פארלאָזט אונזער היים אין פארשידענע צייטן. אָבער דאָס וואָס מיר קומען ביידע פון איין שטאָט, האָט אונז פאראייניקט. מיר האָבן אָפּט ביידע זיך דערמאָנט אין די פארשידענע פלעצער אין אונזער היים־שטאָט, געבייגקט אהין און די פריינטשאפט צווישן אונז איז אלץ מער געוואקסן.

— שפּעטער, אין מיטן סעזאָן, בין איך שוין געווען אַן אָנערקענטער אין דער קאָמפּאַניע. די מוזיק קריטיקער האָבן מיר געלויבט, דאָס פּובליקום האָט מיך געגלייכט, און איך האָב שוין געקריגן א היבשע צאָל פריינט דאָ אין שיקאַגאָ. ניט איינמאָל איז מיר שוין אויסגעקומען צו טון א טובה מיין פריינט, דעם רום בערלינסקי, ווען מ'האָט אים געוואָלט קריוודען מיט א ראָלע, אָדער וואָס.

— אז דער אָפּערא סעזאָן האָט זיך דאָ געענדיקט — האָט פינקל ווייטער דערציילט — איז די קאָמפּאַניע ארויסגעפאָרן אויף א טור איבער'ן לאַנד. די רייזע איבער'ן לאַנד איז א פארגעניגן. מיר ברייגגען אריין אין יעדער גרויסער שטאָט וואו מיר שטעלן זיך אָפּ, א נייע א קינסטלער אַטמאָספערע, געזאַנג און פרייד, און דערפאַר נעמט מען אונז אויף מיט פריידיקע באגייסטערונג.

— זיינען מיר אזוי ארומגעפאָרן ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן. דאָרטן בין איך אויפגעטראָטן דעם ערשטן אָוונט, שפּילנדיק דעם גלח אין „אַאידא". ס'איז געווען א זעלטענער דערפאָלג. נאָך דער פאָרשטעלונג, ווען איך האָב זיך געלאָזט גיין צום האָטעל, בין איך אָפּגעשטעלט געוואָרן פון א יונגער פרוי, אַן אַמעריקאַנערין. א בלאָנדע שיינהייט, די פרוי פון א רייכן מאַן, וועלכע איז אליין זייער מוזיקאַליש. זי האָט מיר דערציילט, אז זי קאָן זיך מיט יעדן איינעם פון דער שיקאַגאָ אָפּערא קאָמפּאַניע און אז ווען די קאָמפּאַניע קומט אהין, באזוכן די „סטאַרס" איר הויז. מיר האָט זי איצט געהערט צום ערשטן מאָל און זי ווייסט גאָרניט וואָס צו טאָן מיט מיר. איך האָב איר באַצוי־בערט.

וואָלט איך איצט וועלן פאָרן צו איר אהיים?

— האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג. א פרעמדע שטאָט, א שיינע פרוי. וואָס וועל איך טאָן איצט אין מיין צימער? געקומען צו איר אין הויז — רייכקייט. קינסטלערישע אַטמאָספערע. און זי איז אליין. דער מאַן האָט א גרויסע פאבריק אין דער איסט און ער איז איצט דאָרטן.

זי דערציילט מיר אז זי איז געטריי איר מאַן. איז אים איבערגעגעבן, האָט אים ליב און בייגקט נאָך אים.

— גלויב איך איר. מיר פארברייגגען. טרינקען א סך. זי ווייזלט זיך וועגן פראָהיבישאָן, זי רעדט שיין, איז אינטעליגענט, און אונטער דער ווירקונג פון דעם שנאַפּס, באַקומען אירע אויגן יענעם גלאַנץ פון גרייטקייט, פון ליידנשאפט, וואָס איך קאָן שוין אזוי גוט..

— און וואָס ווייטער איז געווען, קאָן מען זיך שוין אָנשטויסן — האָט ווינטינפעלד אריינגעוואָרפן א באַמער־קונג, ווי ער וואָלט ניט פארגינען פינקל׳ען צו ריידן אזוי לאַנג פאר עטל׳ען.

עטל האָט ניט געוואָלט ליידן וואָס ער האָט אים אי־בערגעשלאָגן.

— דערציילט,— האָט זי געבעטן פינקל׳ען — איך קאָן זיך גאָרניט אָנשטויסן.

— זיכער וועל איך דערציילן — האָט ער איר באַרואיקט און זיך געווענדט צו ווינטינפעלד׳ן — איר קאָנט גאָרניט טרעפן, ווייל ס׳איז גאָרניט געשעען יענעם אָוונט. זי האָט זיך שטאַרק באַליידיקט וואָס איך דיינק נאָר אז זי איז אזעלכע. איך האָב איר געדאַרפט גלויבן אז זי איז געטריי איר מאַן און זי בייגקט נאָך אים.

דעם דריטן אָוונט האָב איך ווידער געדאַרפט זינגען. באַטאָג קלינגט דער טעלעפאָן אין מיין צימער. די פרוי רופט מיר. זי פילט זיך שטאַרק געערגערט וואָס זי האָט באַם סוף פון מיין באַזוך זיך ניט גוט באַנומען צו מיר. עס איז געווען פון איר זייט זייער ניט פיין. אָבער איך דאַרף דאָך פאַרשטיין. פאַרוואָס זאָל איך איר ניט גלויבן? זי איז קיינמאָל, קיינמאָל ניט געווען אומגעטריי איר מאַן.

— איך פאַרזיכער איר אַז ס׳ איז זייער פיין פון איר זייט, און איך אַנטשולדיק זיך וואָס איך בין געווען אַזוי געוואַגט. אַ גרויסע עולה געווען פון מיר. נו, אַלץ איז שוין גוט. אָבער זי פרעגט מיר צי כ׳וועל איר דערלויבן קומען אין האָטעל צו מיר. זי מוז מיר זען. זייער נויטיק.

געקומען. זיצן מיר אַביסל, ריידן. פּלוצים טוט זי מיר אַ פרעג:

— זאָגט מיר, מר. פינקל, איר זענט אַ איד?...

— זיכער! ענטפער איך— אָבער וואָס איז דען?

דערציילט זי מיר: זי האָט זיך געזען מיט בערלינסקי׳ן. זי קאָן אים שוין פון לאַנג. האָט זי מיט אים גערעדט וועגן מיר. זי איז פון מיין זינגען אַנטציקט, האָט זי אים געזאָגט. זי האָט פון מיר אין אַלגעמיין גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג.

האָט בערלינסקי איראָניש אַ שמייכל געטון און איר געזאָגט:

— יאָ, פינקל איז אַ גרויסער זינגער, אַ פיינער מענטש. אָבער ער איז דאָך אַ איד...

מיין אידישקייט איז אין אַלגעמיין ניט פון אַזאַ גרויסן פאַרנעם. אַ איד, און שוין. דאָס מאָל אָבער האָט דער

איך אין מיר אויפגעברויזט. די באליידיקונג האָט מיר אויפגערעגט ביז צום ביין. איך האָב מיט א געבראָכענע שטימע גענומען רעדן צו דער פרוי.

— זעט — האָב איך געזאָגט — וואָס א פאָלק, דאָס אידישע פאָלק שטייט זיך אויס. איר ווייסט ווער בערלינסקי איז? מיין א פריינט. א זייער נאָענטער און א זייער גוטער פריינט. מיר קומען ביידע פון איין שטאָט. רעדן ביידע איין שפראך — זיין שפראך. ער איז א רום און אז מיר טרינקען זיך אָן, קושט ער מיר ווי א ברודער. ווי א געליבטע. אז איך טו עפּיס אויף פאר אים באם דירעקטאָר פון דער אָפּערע, ווייסט ער גאָרנישט וואָס צו טון מיט מיר פאר דאנקבארקייט. אָבער אז איר האָט מיר געלויבט און ער האָט עס ניט געקענט פארליידן, האָט ער געזען מיר מאַכן צו גאָרניט, דורכדעם וואָס איך בין א איד... דאָס איז דער גורל פון דעם אידישן פאָלק. באליידיגונגען, אונטערדריקונגען.

איך האָב אזוי זיך אויסגערעדט פאר דער פרוי. איר דערציילט פארשידענע עפּיזאָדן פון דער אידישער געשיכטע, און זי איז געזעסן נעבן מיר מיט אירע בלויע אויגן, מיטפילענדע. זי האָט זיך צוגעהערט מיט דער שטאַרקסטער אויפמערקזאמקייט, מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע. איך האָב געזען אז אין דעם מאָמענט פארדריסט איר וואָס זי איז א קריסטין. אירע אויגן האָבן גענומען פלאַמען, און אז איך האָב אָפּגערעדט, האָט זי גענומען שטאַמלען. רעדן האַלבע ווערטער, אָבער מיט האַרץ, מיט געפיל. זי פארשטייט איצט גוט די ליידן פון דעם אידישן פאָלק. זי באַגרייפט וואָס איך האָב געפילט ווען זי האָט מיר דערציילט פון בערלינסקי'ן. שוין טויזנטער יאָרן

אז א פאָלק ליידט אזוי. זי פילט זיך געגן מיר שולדיק, שולדיק.

זי איז געווען עפּיס אזוי ווי אין א רעליגיעזן עקסטאַז. זי האָט מיר ארומגעכאַפּט. זיך געדריקט צו מיר. קיינמאָל האָט זי נאָך איר מאַן ניט אָפּגענאַרט. זי שווערט אז ניין. אָבער זי וואָלט אזוי וועלן מיר פארגיטיקן, טאָן עפּיס. אָפּצאָלן מיט וואָס סע ניט איז פאר די באַליידי־גונגען וואָס דאָס אידישע פאָלק שטייט זיך אויס. איך בין דאָך איינער פון דעם פאָלק.

— און זי האָט איר חוב צו אידן אָפּגעצאָלט — פאַר־ענדיקט פינקל די געשיכטע—זי איז שוין גאָרניט שולדיק...

* * *

די הויפּט געשעפטס־גאַס אין דעם נעגער־קווארטאַל איז געווען שטאַרק באַלויכטן פאַר עטלאַכע בלאָקס ווייט. בא די זייטן האָבן די שמאָלע טונקל באַלויכטענע גאַסן זיך גע־שלייכט פאר׳אומעטיקטע און פאר׳סוד׳טע אין דער נאַכט אריין. אַלטע הילצערענע הייזלאַך מיט יאָרן פון אָרמקייט אונטער זיך. האָבן אזוי ווי פארשעמטע און שוואַכע זיך באַהאַלטן צווישן די גרעסערע הייזער, פון ציגל און שטיין געבויטע. זעלטן־וואו האָט פון א הויז א ליכטיגקייט ארויסגעשפּאַרט. די הייזער זיינען אין שלאָף און אין פינצטערניש געווען איינגעהילט.

און אזוי ווי א חוצפּה׳דיקע, אַן ארויסגעריסענע פון די ארומיקע שטילע גאַסן, האָט זיך די זעקס און דריי־סיקסטע גאַס געליכטיקט מיט איר עלעקטרישקייט, ווי אַן אַלטע פרוי מיט בלישטשענדע צירונג ארויפגעוואָרפן אויף זיך.

אין די רעסטאָראַנען, קאַפע הייזער און אין די קליינע

ביליקע האָטעלן האָט זיך געטומעלט. אויטאָמאָבילן און טעקסיס זיינען געווען אויסגעשטעלט באַביידע זייטן פון דער גאַס. יונגע נעגערס האָבן זיך ארומגעדרייט איבער דער גאַס, זאָרגלאָזע און אָן א ציל און יונגע נעגער פרויען האָבן הויך גערעדט און שטאַרק געלאַכט מיט געלעכטערס געזונטע און נאַרישע.

עטל האָט דערפילט אַן אומרואיגקייט ווען די טעקסי איז אין דעם געגנט אריינגעפאָרן, און א פרעמדקייט. עס האָט איר געגומען באַנג טון וואָס זיי זיינען איצט אהער געקומען, פאַרברייגגען אין א פּלאַץ וואָס עס שרעקט איר, און עס האָט איר אויך הנאה געטון וואָס זיי זיינען געקומען אהער. דאָ איז עפּיס אַנדערש. גאָר אַן אַנדער אַטמאָספערע. אַנדערע מענטשן. און דאָ קאָן זיך זיין וואָס עס וויל זיך.

אוועקגעגעבן די מאַנטלען און די העטס צו דער יונגער פרוי באַם „טשעק רום” און זיך געלאָזט גיין אין דעם טונקל באַלייכטענעם זאַל, האָט מיט א פאַרנויג זיי אויפגענומען דער שווארצער אויבער־קעלנער. ער האָט זיי גענומען פירן ארויף און באַלד איז צוגעקומען דער אייגנטימער פון דעם „סאָנשיין” קאַבאַרעי, א יונגערמאַן מיט גלאַט אָפּ־געראַזירטע רויטלאַכע באַקן, מיט א פרייקייט אין זיין האַלטן זיך. ער האָט א גאַסט־פריינטלאַכן שמייכל געטון און זיי צוגעפירט צו א טישל נעבן דער טאַנץ־פּלאַטפאָרם.

זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט און ארומגעקוקט. פון די ווענט האָבן מאַט און פאַרהילט ארונטערגעלויכטן די עלעקטרישע לעמפּלאַך וואָס זיינען אין לאַמטערן אויס־געפאָרמטע שיידלאַך געווען ארומגעדעקט. די טישלאַך זיינען געווען באַזעצט מיט מענער און פרויען, פון וועמעס אויגן עס האָט אומרו און עטוואָס פאַר׳שכורטקייט

ארויסגעקוקט. בא אייניקע טישלאַך זיינען געזעסן נעגערס און ווייסע, די נעגערס מער אָנגעצויגן.

אויף דער פּלאַטפאָרם, אונטער א רויטן דעכל, זיינען געווען אויסגעזעצט די מוזיקער, אַלע מיט די אינסטרו־מענטן אין די הענט. דער פירער, מיט א פידל אין האַנט, האָט דערציילט עפּיס א קאָמישע געשיכטע און די אַנדערע מוזיקער האָבן געלאַכט. דער פּייקלער האָט בא יעדן מאָל וואָס ער האָט זיך צולאַכט, געגעבן א זעץ מיט׳ן פּייקל אין דעם פּויק. און מאַכענדיק דעם אָנשטעל פון א דערשראָקענעם, זיך געגעבן א טרייסל־אויף.

צווישן די געסט האָט זיך שטאַרק ארויסגעזען א מאַן מיט א ווייס־גראָען קאָפּ האָר. ער איז געזעסן מיט א פרוי, א צען יאָר יונגער פון אים, און פון א ברייט פלעשל אריינגעגאָסן שנאַפּס אין איר גלאָז און אין זיינער. א יונגער כינעזער מיט א אידישע מיידל, מיט צו שטאַרק אָנגעפארבטע ליפּעלאַך, זיינען צוגעקומען און זיך אוועק־געזעצט בא אַ נאָענטן טישל.

עטל האָט אין פינקל׳ס בליקן אויף איר באַמערקט אז ער איז צופרידן מיט איר באַקאַנטשאַפט. אָבער זי האָט גע־וואָלט אים פאראינטריגירן, ער זאָל ניט זיין גלייכגילטיק צו איר. ער זאָל טראַכטן פון איר ווען זיי וועלן זיך צוגיין.

זי האָט געפילט אין זיך זיין קראַפט. זיין הויך גע־וויקסיגקייט, זיין ברייטקייט און זיין פרישן מאַטן געזיכט. אַ מאַן, א העלד! — האָט זי פון אים געטראַכט. און דאָס וואָס ער איז א באַרימטער זינגער האָט איר געמאַכט צו האָבן דרך ארץ פאר אים. זי איז אזוי צופרידן וואָס זיי פארברייינגען צוזאמען!

אָבער — זי האָט זיך אַליין גע׳חדושט — ער איז איר ניט געווען נאָענט. זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אז ווען זי זיצט מיט אים איצט אַליין אין אַ צימער, וואָלט זי אים געבעטן זינגען און דערציילן פון זיינע וואנדערונגען, און זי וואָלט געזעסן און געהערט און געקוקט אויף אים און געטראַכט — פון שאַפּיראָ׳ן...

וואו דרייט ער זיך ערגיץ איצט ארום, שאַפּיראָ? עס וואָלט דאָך געווען אזוי גוט, ער זאָל אויך דאָ זיין מיט זיי, מיט איר.

דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן. פוןביידע זייטן טרעפּ איבער דער פּלאַטפאָרם זיינען ארונטערגעקומען אַ צענדליק טענצערינס, ווייסע מיידלאַך און נעגער מיידלאַך. די פּנים׳ער פּאַרפּודערט, פּאַרשמינקעוועט. שיכלאַך אויף די באָרפעסע פיס. קורצע רויטע הויזלאַך איבער די נאַקעטע פיס. די בריסטן פאַרדעקט. זיי האָבן זיך גענומען ארומדרייען, אוועקגעזעצט אויף דער פּלאַטפאָרם, געבויגן די קעפּ אויף אַלע זייטן. אַ הויכע, צו פעטע נעגערטע, מיט איר גאַנצער שווארצקייט און שווערקייט האָט גענומען ארומלויפן איבער דער טאַנץ־ארענא און דער אָרקעסטער האָט רויִשיק גענומען שפּילן.

צוערשט האָט מען ניט געהערט וואָס די ניגערטע האָט געזינגען. ס׳ איז געווען גלאַט אַ פארטומלטער געשריי, אַ געשריי וואָס זאָל זיך פּאַסן צו איר מגושם׳דיקן טאַנצן און ארומלויפן. שפּעטער אז זי איז אביסל מיד געוואָרן, האָט מען שוין געהערט די ווערטער, וואָס זי האָט ווי פאַרשטיקט ארויסגעשריגן:

סאָם טאַימס אַי עם העפּי —<br>
סאָם טאַימס אַי עם בלו״ —

און די מוזיקער האָבן זיך געבויגן איבער זייערע פּלע־צער, אָט זיך אויפגעשטעלט, געאײַבט זייערע קערפּערס און דער סאַקסאָפאָן האָט טרויעריג צוגעשפּילט און די קעלנערס האָבן מיטגעזונגען:

סאָם טאַימס אַי לאָוו יו —
סאָם טאַימס אַי הייט יו".

די זינגערין האָט ווידער גענומען שרייען אָן ווערטער. געזינגען דעם מאָטיוו און די טענצערינס האָבן זיך אויס־געשטעלט אין רייען, געטאַנצט און געזינגען און דער פירער פון דעם אָרקעסטער האָט גענומען דיריגירן מיט די פיס, הויבנדיק זיי שנעל אין דער לופטן.

„סאָם טאַימס" —

שפּעטער האָבן די געסט גענומען טאַנצן.

ווי צווייגן וואָס זײַנען פון דער זון אויסגעטריקנט גע־וואָרן און שטיל אָן באַוועגונג אָף איין אָרט אראָפּגע־האנגען, הויבן זיך אָן פריי וויגן און ווערן אפּגעפרישט פון א ווינט און א רעגן, אזוי האָט דער עולם זיך דערפילט. ווען מען איז פאָרלעכווייז אריין אין דער טאַנץ־ארענע, קערפּער צו קערפּער זיך געטוליעט און געטאַנצט צו די טענער פון דער דזשעז מוזיק.

וואָס איז לעבן? וואָס איז פרייד?

. . . איך און דו, געליבטע מײַנע, האָבן אין דער שפּע־טער שעה פון דער נאַכט, אונזערע איינגעזעסענע היימען פאַרלאָזט. איך, מײַן ווייב, און דו, דײַן מאַן. אז מיר וועלן קומען צוריק, וועלן מיר ווייטער גאָטספאָרכטיקע זײַן, וועלן מיר ווייטער ציען דאָס וואָכעדיקייט פון אונזער לעבן. איך וועל זוכן פּרנסה און דו וועסט שטיל טראָגן דעם יאָך פון דער הויז.

איצט זיינען מיר דאָ, געליבטע מיינע.

אויף אן אינזל א פארוואָרפענעם דרייען מיר זיך דאָ ארום. הערסטו די קולות פון אפריקע און אינדיען, הערסטו די טענער פון תאווה און זינד? דיין קערפּער איז בויגיק, דיין קערפּער איז הייס, און דיינע אויגן, ווי מיינע, זיינען פול מיט באגער.

ס'איז טונקל, טונקל אָט אָ דאָ. דער טאָג פארנייט, די וועלט פארגייט. אלץ ווערט איינגעהילט אין נעבל.

דריק זיך שטאַרקער, געליבטע מיינע. ווילדע וועלף און בייזע לייבן קוקן מיט זייערע פייערדיקע אויגן אויף אונז. לויפן און יאָגן זיך צו אונז.

און, הערסטו דאָרטן קינדער וויינען, קינדער בליפן? דאָס שרייען אונזערע תאוות ארוים. דיין לייב איז הייס און מיין בלוט זידט און שרייט. אָט דאָרט איז א ווינקל, קום אין יענעם ווינקל. דאָ איז אויך גוט.. דאָ שטיי. שטיי אזוי....

עטל האָט מיט פינקל'ען אויף דער זייט פון ווינטינפעלד'ס טישל דורכגעטאַנצט, א שמייכל געטון צו אים, א פאר־גיטיגונג פאר זיין זיצן אליין, און זיי האָבן זיך צומישט מיט די אַנדערע פאַרלאָך.

זי האָט דערזען ווי נעבן איר האָט א ווייסע פרוי מיט א הויכן נעגער געטאַנצט. די פרוי, אָנגעטון אין בלויען, מיט בלאָע אויגן פאר'שכור'טע, האָט מיט איבערגעגעבנ־קייט און גלוסטיק צו איר באגלייטער ארויפגעקוקט. ביי־דענס הענט זיינען געווען פארוואָרפן איינער אפ'ן אַנדערן. זי האָט מיט אירע פיס ארומגעכאַפּט זיינע, פארוואַרפן איר קאָפּ אין זיינע אָרעמס און זיך אזוי געטוליעט צו אים,

ווי זי וואַלט וועלן דורך זיין קערפּער זיך דורכשטופּן.

עטל האָט דערפילט פינקל׳ס שווערן אָטעם, און זי האָט געפילט ווי עס וואָלט דורך איר מח דורכגעלאָפן אן עלעק־טרישער שטראָם, און באלד איז איר באפאלן א מין באַ־טויבקייט, ווי א וואסער וואָלט גערוישט ארום אירע אויערן.

אָט אזוי. וואָס האָט ער נעטאַנצט ביז איצט אזוי עלעגאַנט ?

זיין האַנט האָט געוואָרעמט איר ארומגענומענע לינקע ברוסט. די אלע מענטשן ארום איר האָבן זיך אזוי ווי פארוואַנדלט אין איין מאַן, וואָס האָט איבערגענומען די קראַפט פון אלע און זי איז אזוי אונמעכטיק נעגן אים — פינקל׳ען.

און זי האָט באַקומען אזא געפיל וואָס זי האָט ביז איצט ניט געהאַט. זי האָט דערפילט אז זי איז אינגאַנצן נאָ־קעט און זי איז בלויז פרוי. אירע צוויי־און־צוואַנציק יאָר האָט זי דורכגעלעבט און אלץ וואָס זי האָט געטון איז געווען נאָר אַף צו ווערן רייף און יעדער גליד אין איר זאָל זיך אַנטוויקלען און יעדער געדאַנק האָט זיך אויסגעטראַכט, און אלץ האָט געפירט צו ביז איצט, ווען זי איז צייטיק און רייף און איז אינגאַנצן אין איר מחשבה גרייט צו איבערגעגעבן זיך צו אָט דעם פרעמדן. זי, די פרוי, און ער דער מאַן — איר מאַן אין דער היינטיקער נאַכט !

---

ווינטינפעלד איז געזעסן אליין באַם טישל, ער האָט אָפּט אויפגעהויבן דאָס פלעשל שנאַפּס פון אונטער׳ן טישל וואָס איז געווען פארדעקט מיט א לאַנגן ווייסן טישטוך, געטרינקען צו גלעזלאַך, געהאַלטן אין איין רויכערן סיגאַ־רעטלאַך און געקוקט אַפ׳ן טאַנצנדיקן עולם.

ער האָט צווישן זיי געזען עטל׳ען מיט פּינקל׳ען און ס׳ האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס ער זיצט ווי א ליימענער גולם. זיינע פיס הויבן זיך צום טאַנצן. אַלע אבֿרים בעטן זיך אביסל דורכליפּטערן נאָר ער קאָן גאָרניט טאָן. ער ווייסט ניט ווי אזוי.

ער האָט געקוקט אויף די פיס פון די פרויען און זיך געוואונדערט ווי אייניקע פון זיי האָבן זיך זייערע אייגענע אייגענאַרטיקייט. אייניגע ציען זיך מיט פאַרברייטקייט אַרויף, אַרויף. אָבער זיי ווערן אָפּגעשטעלט פון א פאַרבונדענע זאַך און פון אן אונטערהויז וואָס הייגנט אַרונטער. ניטאָ, דאַכט זיך, מער וואָס צו זען.

אַנדערע פאַרקייליכיקן זיך אַרויף. יעדע ביסל ווייטקייט א דערגרייכונג, און אז זיי קומען אַרויף ווייטער איבער די קניען, ווערן זיי פאַרשוואונדן... נישטאָ...

מענטשן און קאָלירן. זיי האָבן טאַנצנדיק געשוועבט פאַר זיינע אויגן און אַרויסגערופן אין אים געדאַנקען וואָס האָבן זיך גענומען מישן, אַנשלאָגן זיך איינע אין די אַנדערע.

. . . ער וועט אָנשרייבן א דראַמע — האָט ער געטראַכט — „די אידישע דראַמע״, אזוי וועט זי הייסן. דאָרט וועט ער שילדערן די אידישע געפאַלנקייט. ער וועט אַרומנעמען די גאַנצע עפּאָכע פון די לעצטע פערצן יאָר. די מלחמה. די פּאָגראָמען. דאָס וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד און די קוואָטאַ. די פאַרשפּאַרטע טירן. די טראַגעדיעס פון עלטערן און קינדער וואָס קאָנען זיך ניט זען. זיך אַליין וועט ער אויך אַריינגעמען.

. . . — ער וועט אָנשרייבן א דראַמע ?... ווייס איך, אָן ארבעט ! זאָל עס טון... — —

ער האָט געגומען טראַכטן פון די אידישע דראַמאַטורגן: קאָברין, פּינסקי, לייוויק, פּרץ הירשביין...

יאָ, הירשביין — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט — וואו איז ער איצט אָט דער אייביקער וואַנדערער ? אין ארגענטינע? אין בראַזיליען ?... אין כינע ?... צי אפשר גאָר איצט, צו־גאַסט אין שיקאַגאָ ?

. . . .אָט דער טאַנץ וואָס מען טאַנצט דאָ, האָט עפּיס א מאָדנעם נאָמען: בלעק באָדעם. שוואַרצער אָפּגרונט. זע נאָר, די מיידל אין רויטן. ווי אירע פיס זיינען עפּיס אזוי אויסגעוואַקסן ! מיט יעדן דריק צו איר טענצער, דער כינעזער, ווערן אירע פיס גרעסער און ברייטער. מער ממשותדיק. ווען ס׳ווערט דאָ אינגאַנצן פינסטער אויף א פּאָר מינוט...

זי איז א אידישע מיידל. האָט שוואַרצע לעבעדיקע אויגן. א אידישע מיידל מיט א כינעזער. זע נאָר א פּאָרל !

. . . און ער וועט שוין טאַקע מער קיין דערציילונגען ניט שרייבן ? נישט פילן דעם טעם פון שאַפונג ? ניט גוט אז מען ווערט א רעפּאָרטער און מ׳ גיט אוועק די גאַנצע ענערגיע אויף שרייבן נייס. מאָרדן, סענסאַציעס, וואָס פאַר פאַר א ווערט האָט עס ?

איז ניט קיין גרויסע זאַכן. ער וועט שרייבן קורצע בילדלאַך, ארויסגעכאַפּט פון לעבן, אָדער אויסגעטראַכטע. אָט זעט ער איצט א שיין בילדל פאַר זיך.

ווינטינפעלד דערפילט ווי ער וואָלט איצט דאָ געווען

איינער אליין. ס׳ איז אזוי שטיל, און טראכטנדיק, פילט ער ווי ער וואָלט איצט געשריבן דאָס בילדל וואָס ער זעט פאַר זיך, אזוי:

. . . אהרעלע האָט געהאַט לאַנגע האָר. די האָר זיינען געווען ביז די אויגן, און ברוינע ווי זיינע גרויסע אויגן.

און איינמאָל איז ער געקומען אהיים פון סקול א באַ־ליידיקטער. קינדער האָבן אים גערופן „סיסי באָי״, צוליב זיינע לאַנגע האָר זעט ער אויס ווי א מיידעלע.

האָבן טאַטע־מאַמע געקוקט אויף זיינע הערלאַך און ס׳ האָט זיי באַנג געטון וואָס מ׳ וועט זיי דארפן אָפּשערן. ער וועט פארלירן זיין איצטיקן חן. זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט אז די קינדער זאָלן לאַכן פון אהרעלע׳ן.

איז אויף מאָרגן אין דער פרי די יונגע מוטער געגאַנגען מיט אהרעלע׳ן צום ראזירער. דער ראזירער האָט אָפּגע־שאָרן זיינע לאַנגע האָר, געלאָזט נאָר א קליינע קוטש־מעלע, ווי בא אלע אינגעלאַך. אהרעלע מיט דער מאַמען זיינען ביידע אהיים געקומען שווייגענדיקע.

— אָט דאָס איז אהרעלע — האָט די מוטער געזאָגט דעם פאָטער. זי האָט אויסגעטון זיין היטעלע. האָט דער פאָטער געגעבן א קוק אויף זיין קינד׳ס אָפּגעשאָרן קעפּעלע און דערפילט אייננ אין האלז.

און אהרעלע האָט זיך פארשעמט און זיך באהאלטן אונטער׳ן טיש. זיך געשעמט וואָס ער איז געוואָרן אַנ־דערש...

ווינטינפעלד איז געבליבן זיצן ווי אין א פארגעסנהייט און פון ערגיץ וואו האָט פאַר אים א מאָטיוו ארויסגע־שוועבט.

א פאַרנאַכט מאָטיוו —

ס׳ א שבת פאַרנאַכט געווען.

ווייט הינטער׳ן שטעטל איז געשטאַנען די אַלטע הילצערנע הויז מיט׳ן שטרויענעם דאַך. די הויז מיט׳ן קליינעם זאַוואָד פון זייף, וואו יאָרן־לאַנג האָט זיין טאַטע חלב געפּרעגלט און זייף געמאַכט און דערפון מיט ווייב און קינדער געלעבט.

ער, דער זוהן, דער איינציקער זוהן, האָט באַטאָג אין שטעטל מיט חברים פאַרבראַכט. ער האָט שפּאַצירט מיט זיי אפ׳ן שאָסעי צו די טאָפּאָליעס. דאָרטן האָט מען זיך מיט באַקאַנטע מיידלאַך געטראָפן. לידער געזונגען און צום טייכל אונטער׳ן בריק יעדער מיט זיין חלום אין די אויגן אַרונטערגעקוקט.

די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין. אין ווייטן וועלדל האָבן דורך די בוימער אירע רויטע שטראַלן זיך דורכגעשלאָגן און די יונגוואַרג האָט געזונגען:

נאַ אָדנאַי זנאַקאָמאַי אוליצע
יאַ פּאָמניו סטאַרי דאָם;
ס׳ וויסאָקאַי טיאָמנאַי ליעסט־ני־צע
זאַוועשאַנים אָקנאָם. —

און ווייט פאַרגאַנגען זיינען די געזאַנגען און אומעטיקער פאַרביינקטער האָבן זיך די שטימען צושפּרייט איבער דעם פאַרנאַכט:

טאָם אָגאָניאָק קאָק זוויעזדאָטשקא
דאָ פּאָלנאָטשי גאָריט;
א וועטיער זאַנאַוויעסאַטשקא
טיכאָנקאָ שעוועליעט — — א וועטיער — — —

ער האָט פּלוצים דערפילט אז ער איז דאָ א פרעמדער,

אז פאר אים איז דאָס שטעטל, זיין שטעטל, שוין א פאר־גאַנגענהייט. נאָך אין א פּאָר טעג וועט ער זיך דארפן צום פריזיוו שטעלן און אין עטלאכע וואָכן ארום וועט ער דארפן זיין היים פארלאָזן.

ער איז אוועקגעגאַנגען א היים. גייענדיק געטראכט פון זיין היים וואָס צופאלט, וואָס פארגייט ווי א טאָג א שיי־נער. טאַטע־מאַמע בלייבן אליין מיט זייער צער אף די עלטערע יאָרן. זיין א שוועסטער, וואָס איז מיט א פּאָר יאָר יונגער פון אים, איז אוועקגעפאָרן צו א מומע׳ן וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געקענט, אין א ווייטער גרויסער שטאָט. און די יונגערע, די פערצן יאָריקע, וואָס האָט ערשט אָנ־געהויבן ארויסקומען מיט איר שיינקייט, מיט איר מיידל־שער רייפקייט, איז אזוי שנעל געבליבן אין מיטן פון איר מיידלשער פרייד, און האָט אָנגעהויבן ארומגיין מיט שטילע טריט, מיט א פארקלעמט הארץ און עפּיס אזוי ווי א פארשעמטע פאר זיך אליין.

פאר אים איז געשטאַנען דאָס בילד פון א פּאָר טעג צוריק. די מאַמע איז ניט געווען און ער איז געווען הונגעריק, איז ער צוגעקומען צו דער שאפקע אין קיך און געוואָלט נעמען א ברויט. נאָר ס׳ איז קיין ברויט ניט געווען...

אלע מאָל, אין אלע צייטן, זיינען אין די צוויי אויבער־שטע פּאָליצעס געלעגן לעבלאך ברויט. איצט איז גאָרניט געווען.

וואו איז דער ברויט ? — האָט ער געפרעגט דער שוועס־טערל.

— ס׳ איז ניטאָ. די מאַמע האָט ניט געבאַקן. — האָט די שוועסטערל געענטפערט.

— פאַרוואָס זשע האָט מען ניט געקויפט? — האָט ער געפרעגט און שטאַרקער דערפילט אז ס׳ הונגערט אים.

די שוועסטערל האָט אַף אים א קוק געטון מיט אירע שווארצע אומעטיקע אויגן און א פאַרקלעמטע געזאָגט:

— דו גייסט דאָ די גאַנצע צייט ארום ווי א פרעמדער. ווייסט ניט וואָס סע טוט זיך דאָ...

און מער האָט זי ניט געקענט ריידן. זי איז אוועקגע־גאַנגען צו א שכנה און צוריק געקומען מיט א פערטל ברויט וואָס זי האָט בא איר געליען פאַר׳ן ברודער.

. . . ווען ער איז צוגעקומען צום הויז, איז שוין געווען טונקל. די הויז איז געשטאַנען איינגעהילט אין די פאַר־נאַכטיקע שאָטנס. א צובראָכענער קיך־פענסטער פאַר־שטיפּט מיט א שמאַטקע. די קאַץ האָט זיך געשלייכט בא דער קרעניצע, שטיל א מיאַווקע געטון.

ער איז אריינגעקומען אין הויז.

די מאַמע איז געשטאַנען אין א ווינקל און געמורמלט „גאָט פון אברהם״. די שוועסטערל איז געשטאַנען בא א פענסטער און ארויסגעקוקט אין דער פאַרנאַכטיקער טונקל־קייט. דער טאַטע איז געזעסן אליין באם טיש און מיט א געבראָכן שטיל קול אן אומעטיקס געזינגען, געבעטן:

אסדר לסעודתאָ בצפראָ דשבתאָ
יהון הדכאָ בהאַי תכאָ דבי מלכה בגילופין — —

דעם טאַטנ׳ס אויגן וואָס זיינען אלע מאָל געווען שטרייַנג צו אים, האָבן איצט הילפלאָז און מיט ליבע געקוקט אַף אים, דעם אריינגעקומענעם. די לעצטע מינוטן פון טאָג. אָט קומט די נאַכט.

און נאָך אומעטיקער און שטילער און הארציקער און הילפלאָזער און איינגעשפּארטער האָט זיין געבראָכן קול געקלינגען אין דעם טונקעלן פארנאכט.

צבי לחדאָ בהאַי ועדאָ
בגו עירין וכל גרפין,
חדו השתא בחאי שעתא
דבה רעוא ו — —

עטל׳ס שווארצע פארפלאמטע אויגן האָבן זיך אין ווינ־טינפעלד׳ס אויגן טיף איינגעקוקט. די העלע ליכט אין דעם גרויסן זאל האָט א בלענד געטאָן פאר אים. די דזשעז מוזיק האָט פריילאך געשפּילט און א שטאַרקע שטימע פון א יונגע נעגער פרוי אף דער טאַנץ־ארענא, האָט אָנגעפּילט דעם זאל:

דזשאַסט יעסטערדעי
יו קיים מאַי וועי —
וויטה עי סמאַיל — — —

---

III

דער אדוואָקאַט פון דער פּאַרטיידיגונג האָט זיך אויפֿ־געשטעלט, א קוק געטון אפ׳ן פּובליקום אין געריכט און אויסגערופן:

— מרס. מעקלעפלין!

א בייליף איז צוגעקומען צו דער טיר פון דעם צימער פון די עדות און איבערגעזאָגט דעם נאָמען.

די פרוי, אין די מיטעלע יאָרן, מיט אן איידעלן פרומען פנים און בלויע אויגן, אָנגעטון טשעפקע און מיט אויסגע־פוצטע שיכלאך, איז צוגעקומען צום עדות־שטול, נעבן דעם ריכטער און נאָענט צו דער דזשורי און זיך אוועק־געזעצט.

דער קלוירק אף דער רעכטער זייט האָט אויפגעהויבן זיין רעכטע האנט, איר א ווייז געטון זי זאָל זיך אויפֿ־שטעלן און ער האָט איר איינגעשוואָרן, זי זאָל דערציילן נאָר דעם אמת.

דער אדוואָקאַט האָט איר געפרעגט ווי אזוי זי הייסט און וואו זי וואוינט.

מרס. מעקלעפלין איז געווען אביסל דערשראָקן און זי האָט געענטפערט זייער שטיל.

— איך בעט אייך רעדן אביסל העכער, אז די דזשורי

דזשענטלמען זאָלן קאָנען גוט הערן — האָט דער אַדוואָקאַט אין א זייער פריינטלאכן טאָן איר געזאָגט — איצט, — ער האָט זיך א ווייל אָפּגעשטעלט — דערציילט, מרס. מעקלעפלין, וואָס איר האָט געזעען און געהערט עפּיס אויסערגעוויינלאכעס אין דעם טאָג פון דעם צוועלפטן סעפּטעמבער.

מרס. מעקלאפלין איז שוין געווען רואיק. נאָר די הענט האָבן זיך איר אביסל געפּלאָנטערט און געווען אין וועג, האָט זי די פינגער פוןביידע הענט צוזאמענגעלייגט ווי צו א געבעט און דערציילט אין א געשליפענער שפּראך, מיט א צאַרטע, אָבער גוט אָפּקלינגענדע שטימע:

— מיין הויז איז אַנטקעגן דער אידישער שול. בין איך געשטאַנען אפ'ן גאניק און האָב געזען ווי דער טראָ־טואר און די גאַנצע גאס ארום דער שול איז פארפלייצט מיט אידן. די אידן האָבן זיך געטומלט, געמאַכט מיט די הענט און גערעדט אף זייער לשון. דערווייל איז אָנגע־קומען אָט דער באָי, האַנראַהאַן.

זי האָט אָנגעוויזן אף דעם אָנגעקלאָגטן, א רויטלאכער בחור, וואָס איז געזעסן מיט א שעמעוודיקן אויסזען הינטער זיין צווייטן אַדוואָקאַט.

— יעס, — האָט דער הויפּט אַדוואָקאַט ווייטער גע־צויגן דעם געשפּרעך — וואָס האָט דאן ווייטער פּאסירט?

— האָט ער געוואָלט, דער באָי, דורכגיין דורך דעם טראָטואר און ניט געקענט — האָט מרס. מעקלאפלין פאָרטגעזעצט — די אידן האָבן פארשטעלט דעם וועג און געהאלטן אין איין ריידן אף זייער לשון. ער האָט געוואָלט גיין אינמיטן דער גאס, האָט ער אויך ניט גע־

קאַנט. די גאַנצע נאַכט איז געווען פאַרשטעלט. האָט ער עפּיס עמיצן אַ זאָג געטון. האָט מען אים גענומען שטאַרק שלאָגן. האָט ער זיך פאַרטיידיקט. שפּעטער האָב איך געהערט אַז אַ איד איז דאָרטן דערשאָסן געוואָרן.

שאַפּיראָ איז געזעסן איינער אַליין אויף דער „פּרעס" באַנק. ער האָט געקוקט אויף מרס. מעקלעפּלין און אויף דער דזשורי. ער האָט געפילט דעם איינדרוק וואָס אירע רייד האָבן אויף זיי געמאַכט, און איז געווען זיכער אַז זיי גלויבן איר אַלץ וואָס זי זאָגט.

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט'ן פּנים צום פּובליקום און זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט די פאַרטרויערטע אויגן פון דער אַלטער אידישער פרוי, וועמעס מאַן איז ראש השנה דערשאָסן געוואָרן ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווייל פון דער שול. זי איז געזעסן אַן איינגעבויגענע, אַ פאַר'צער'טע. אַ שוואַך מענטשל, וואָס אַ כוליגאַן האָט איר לעבן פאַרפינצטערט.

אין דעם אויסדרוק פון איר געזיכט, האָט שאַפּיראָ פאַרשטאַנען, אַז זי פאַרשטייט ניט וואָס די קריסטלאַכע פרוי אפ'ן עדות-שטול האָט דערציילט. אָבער אין איר קוק אויף יענער איז דייטליך געווען דער אויסדרוק: זי איז מיין שונא... זי איז אַ שונא ישראל...

און שאַפּיראָ האָט זיך שוין מער ניט צוגעהערט צו דעם וואָס מרס. מעקלעפּלין האָט ווייטער דערציילט און וואָס זי האָט געענטפערט אויף די פראַגן פון דעם געהילפס-פּראָקוראָר. אין זיינע אויערן האָבן זיך איינגעקריצט אירע פריערדיקע ווערטער: די אידן האָבן זיך געטומלט און גערעדט אויף זייער לשון...

ער האָט עס געפילט נאָך מער ווי די טראַגישקייט דער-

פון וואָס א איד איז אין אַמעריקע דער׳הרג׳עט געוואָרן פון א כוליגאַן, ווען ער איז געשטאַנען נעבן זיין שול, און וואָס דער מערדער איז ביז דעם פּראָצעס ארויסגעלאָזט געוואָרן אף דער פרייהייט, אזוי ווי דער׳הרג׳ענען א אידן וואָלט זיך ניט גערעכנט פאר קיין גרויסן פארברעכן.

„אידן אין אַמעריקע״ — איז אים דורך א געדאנק. זאַט און פריי און אָנגעזען אף אלע געביטן. אָט דאָ אין דער געביידע פון קרימינאַל געריכט זיינען דאָ צוויי אידישע ריכטער. זייער וואָרט איז געזעץ. איינער ווערט פאררעכנט פאר דעם בעסטן געזעץ־קענער אין שטאַט פון אילינאָי. אין דעם אָפּיס פון דעם פּראָקוראָר אין דער זעלבער גע־ביידע זיינען דאָ אריבער א צענדליק אידישע געהילפס־פּראָקוראָרן. א פּאָר פון זיי זיינען אָנערקענט פאר די בעסטע אין שטאָט. אָט דאָ ווייטער מיט א פּאָר גאסן איבער דעם בריק איז די „לופּ״, דער האַנדלס־צענטער פון שיקאַגאָ. גרויסע אידישע „דעפּארטמענט סטאָרס״, ריזיקע אידישע געשעפטן.

אָבער אָט האָט עפּיס פּאסירט, און אָט זיצט דאָ א פרוי, אַן אמעריקאַנערין. בלוי זיינען אירע אויגן. פרום איז איר געזיכט. שיין איז דער קלאַנג פון אירע ווערטער, און וואָס פאר א האס עס איז אין איר געלעגן באהאלטן צו אידן!

— . . . די אידן האָבן זיך געטומלט, געמאַכט מיט די הענט און גערעדט אף זייער לשון.״

און ווען זי האָט עס געזאָגט, האָט ער געפילט, אז בא קיינעם דאָ — אויסער די אידן — איז ניט געווען דער איינדרוק אז דאָס האָט ניט געדאַרפט געזאָגט ווערן. ס׳ האָט זיך גיכער געפילט אז זי האָט אויסגערעדט דאָס

וואָס איז בא פילע „געלעגן אפ'ן צונג". די דזשורי לייט האָבן איר אויסגעהערט מיט דער שטאַרקסטער אויפמערקזאמקייט.

שאפּיראָ האָט זיך דערמאָנט אין געשיכטעס פון עלילת דם וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד; עסטרייך, דייטשלאַנד און וואו נאָר אידן האָבן געוואוינט און וואוינען אין זייער לאַנגער וואנדערונגס־פּעריאָדע. עס האָט זיך מיט אמאָל פאר אים דערנענטערט און צוזאמענגעצויגן צייט און פּלאַץ, און ער האָט דערזען אין דער פאַנטאזיע ווי אָט די פרוי, מרס. מעקלעפלין, וואָס זיצט דאָ אפ'ן עדות־שטול, איז אן עדות ביים ביילים פּראָצעס, באַם וועליזשער בלוט בלבול, באַם הילזנער פּראָצעס און די אלע אונזיניקע באשולדיגונגען וואָס זיינען נאָר ווען עס איז געמאַכט געוואָרן געגן אידן און זי דערציילט מיט איר פרומען פּנים, אז זי האָט אליין געזען ווי זיי... האָבן גערעדט אף זייער לשון און האָבן געטון שרעקליכעס. —

זיי!... די אידן!...

שאפּיראָ האָט אָבער פיינט לאַנג טראכטן פון איין זאך. דאָס זיצן לאַנג אף איין פּלאַץ איז אים שוין פריער אויך געוואָרן נמאס, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז ארונטערגעגאַנגען. ער וועט שוין היינט סאי ווי האָבן וואָס צו שרייבן פון דעם פּראָצעס.

ער איז אין עלעוויי טאָר ארונטערגעפאָרן צום צווייטן עטאַזש, וואו עס געפינט זיך די „פּרעס רום", דער צימער פון די רעפּאָרטערס, צו נעמען דאָרט זיין הוט און מאַנטל.

דער שמאָלער צימער איז געווען געדיכט באזעצט. מען איז געזעסן בא דעם לאַנגן טיש מיט די טעלעפאָנען און אף די עטלאכע ביינקלאך בא דער זייט. דאָראָטהי, די

איירישע מיידל מיט די גרויסע גרינלאכע אויגן, איז געווען די איינציקע פרוי צווישן די רעפּאָרטערס. זי איז געזעסן אפ'ן טיש און אריבערגעקוקט צו דעם בריף וואָס קווינבי פון „עקזאמענער" האָט געהאלטן אין לייענען אין דער הויך.

— עפּיס דאָ נייס פון אויבן? — האָט שאפּיראָ'ן א פרעג געטון דזשאָנסאָן, א מיטליאָריקער מאן מיט א יונגן אויסזעען.

— קיין זאך ניט — האָט שאפּיראָ אים געגעבן דעם ענטפער וואָס דזשאנסאָן האָט דערוואַרט.

דאָראָטהי האָט צו אים געגעבן א וואונק מיט די אויגן. דער וואונק האָט געהייסן: דו ביזט אָלרייט? איך בין אויך אָלרייט, זעץ זיך דערווייל אוועק. מיר'ן שפּעטער רעדן!

— ס' א בריף פון „זיפּ'ען" צו אלע באַיעס — האָט קווינבי דערציילט שאפּיראָ'ן — ער איז איצט אין באָס־טאָן, אין הארווארד קאָלעדזש, און שרייבט פון דאָרטן.

ער האָט פאָרטגעזעצט דאָס לייענען מיט זיין איינטאָני־קער אויסגעצויגענע שטימע, וואָס קלינגט אלע מאָל ווי ער וואָלט עמיצן נאָכגעמאכט.

„זיפּ" איז געווען א רעפּאָרטער אין דער „פּאָסט". און כאָטש זיין צייטונג, ווייל א גוטע, ווערט ווינציקער געליי־ענט ווי די אַנדערע ענגלישע צייטונגען, איז ער אָבער גע־ווען א חשוב בא זיינע קאָלעגן רעפּאָרטערס. צוליב זיין פיינעם שמייכל, זיין טרעפיקן וויץ און חבר'שע באַנעמונג, איז ער אלעמאָל געווען אין צענטער פון די רעפּאָרטערס.

איינמאָל איז ער געקומען צו זיין סיטי עדיטאָר און אים געזאָגט אז ער גיט אויף זיין ארבעט.

— גייסט איבער אין א גרעסערער צייטונג ?

— איך ווער אוים צייטונגס־מאַן. איך וויל שטודירן לאו און איך פאָר אוועק פון שיקאגאָ.

— אָ, וועלל ! —

און „זיפּ" איז אוועקגעפאָרן קיין באָסטאָן.

אין דעם בריף צו קווינבי'ן שרייבט ער אז ער בייַנקט שטארק נאָך די שיקאגער באַיעס. ער בייַנקט אפילו נאָך די שיקאגער גייַנגסטער. ער פילט זיך עפּים מאָדנע וואָס ער דארף נאָרניט באריכטן. און ער בייַנקט נאָך סטיינ'ס רעסטאָראַן, וואו די רעפּאָרטערס פון דעם קרימינאַל קאורט עסן באַטאָג, און ווי אזוי קוקט איצט אוים דאָראָטהי ?

אין דעם פּרעס־צימער איז אריינגעלאָפן דער יונגער רעפּאָרטער ברוקס פון „דזשורנאל". ער איז געווען פאר־סאָפּעט, פול מיט אויפרעגונג.

— א פּריזאָנער איז אַנטלאָפן ! — האָט ער אויסגע־שריען.

ס'האָט געדוירעט א רגע און דער צימער איז געוואָרן ליידיק. אלע זיינען ארויסגעלאָפן, ווי דער דאך וואָלט געהאַלטן באַם איינפאלן.

— פון וואנען איז ער אנטלאָפן ? — האָט איינער א פרעג געטון.

— פון דעם פּריזאָנער'ס עלעוויייטאָר — האָט ברוקס געענטפערט אף דער גיך — א גארד האָט אים געפירט צו דזשאָדזש מילער'ס קאָורט, האָט ער דעם גארד דערלאנגט א זעץ אין הארצן און איז אנטלאָפן.

די סענסאציע איז געווען א גרויסע, און די רעפּאָרטערס האָבן גענומען ארונטערלויפן. העלפן זוכן, זיך דערפרעגן באם וועכטער ווי אזוי ס׳ איז פאָרגעקומען. אויסגעפונען דעם ארעסטאַנט׳ס נאָמען. פארוואָס ער האָט געדארפט גע׳משפט ווערן. אָפרופן זייערע צייטונגען. אזא פאסי־רונג!

אין אָנהויב איז שאפּיראָ מיטגעריסן געוואָרן מיט אלע רעפּאָרטערס. אָבער ער האָט זיך באלד דערזען אליין. ס׳ איז שוין קיינער ניט געווען פון די רעפּאָרטערס. נייגעריקע בייליפס זיינען ארונטערגעקומען פון די העכערע עטאזשן. ס׳ זיינען זיך צוזאמענגעלאָפן מענטשן פון די געריכטס־הייזער. זיי זיינען געווען נייגעריק, אָבער ניט דערשרעקט.

— א געוואגטער יונג! — האָט שאפּיראָ א טראכט געטון וועגן דעם אנטלאָפענעם ארעסטאַנט — ער האָט געהאַט קוראזש.

דער פרעמדער ארעסטאַנט איז אים געוואָרן עפּיס נאָ־ענט. א מענטש האָט זיך ארויסגעריסן פון געפיינגניש. ער האָט געוואוסט אז ער ריזיקירט מיט זיין לעבן, אפשר וועט מען אים דערשיסן. אָבער ער האָט זיך איינגעשטעלט ווייל ער האָט געוואָלט זיין פריי. ער האָט זיך דערהויבן.

דאָס איז דאָך זיין אַמביציע אויך, טראכט זיך שאפּיראָ. זיין חלום וואָס לאָזט אים ניט רוען. זיך אויפהויבן העכער פון זיך און פליען הויך און פליען ווייט — צום סוף פון דער וועלט.

ער האָט זיך געלאָזט ארונטערגיין מיט די טרעפּ אפן ערשטן פלאָר, וואו עס געפינען זיך דעם שעריפ׳ס אָפיסעס.

און דאָ האָט ער דערזען א גרויסן עולם וואָס האָט זיך געשטופּט ארויף. פּאָליסלייט און ביילּיפס האָבן דעם עולם ניט געלאָזט ארויפגיין. זיך אוועקגעשטעלט מיט די פּנים'ער צו זיי.

צוויי ביילּיפס האָבן געפירט דעם ארעסטאַנט וואָס זיי האָבן געכאַפּט. מיט זייערע הענט האָבן זיי זיינע ווי מיט צוואַנגען ארומגענומען און זיי פעסט געהאַלטן.

דער יונגער ארעסטאַנט איז געווען צושלאָגן. ער איז געגאַנגען אָן א רעקיל. כאַפּנדיק האָט מען אים די ארבל צוריסן. דאָס לייב וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן איז געווען בלאָ און פארבלוטיקט.

שאפּיראָ האָט אויפגעכאַפּט דעם בליק פון זיינע אויגן. עס איז ניט געווען דער ווייטיק פון די קלעפּ וואָס ער האָט געכאַפּט. ניט די מורא וואָס די שטראָף וועט איצט זיין גרעסער פאר אים. —

נאָר א גרויסער אומעט איז אין זיינע אויגן געווען. דער צער און פארדרוס וואָס מען האָט אים געכאַפּט. זיינע אויגן האָבן דערציילט די טראַגעדיע וואָס ער לעבט איצט איבער. נאָר־וואָס איז ער אין דרויסן געווען. ניט ארומגעצוימט מיט גראַטעס, ניט געהיט פון קיינעם.

און איצט פירט מען אים צוריק. צוריק אונטער גראַ־טעס. ער האָט זיין פרייהייט פארלאָרן.

* * *

שאפּיראָ איז ארונטערגעגאַנגען דעם בריק איבער דעם שיקאַגאָ ריווער און זיך געלאָזט, אָן א ציל, ארומדרייען איבער די גאַסן פון „דאַון טאַון"..

וואָס איז דער צויבער און וואָס איז דער לעבנס־נערוו פון אָט די גאַסן?

ער האָט געוואָלט דערפֿילן די קראַפֿט, אויפֿכאַפּן דעם ריטם און דעם אָטעם פֿון אָט דעם גרויסן אַרום; דערזען די געשטאַלט אין וואָס די מענטשן, די מויערן און דער גאַנצער ריטמישער געטומעל ווערן פֿאַרוואַנדלט. דערפֿילן אין זיך דעם נשמה־ציטער פֿון אָט דעם אָרט, פֿון וואַנען ס׳ציען זיך די פֿעדים פֿון אַלע גאַסן און פֿון אַזוי פֿיל שטעט אַרום.

אַלעמאָל ווען ער קומט אַהער, שאַפֿט זיך אין זיין פֿאַנטאַזיע אַ ליד אַ ניט אויסגעזינגענע. רייסן זיך ווערטער ניט אַרויסגעזאָגטע.

ער האָט גענומען אויפֿכאַפּן בילדער.

ציען זיך גלייכע מויערן אַרויף, רויט און ווייס און גרוי. אויף איין זייט אַ גלייכער פּאַס הימל מיט ווייסע וואָלקנס. אויף דער אַנדערער זייט איז דער הימל זיג־זאַגיש. אַרומגעהאַקט פֿון די דעכער.

פֿול מיט מענטשן און באַוועגונג די טראָטואַרן. גייען די מענטשן ווי מ׳וואָלט עמיצער די גאַנצע גאַס געצויגן אויף אַ שטריק. אַ סימפֿאָניע פֿון מענטשן און קאָלירן. שוואַרץ בלאָ און גרוי.

אַ נעגער שטייט בײַ אַ שויפֿענצטער. ער האָט צושפּרייט די ליפּן, אויסגעשטשירעט די ציין זיינע און קוקט צי זיי זיינען שיין.

אַ גרינער סיגנאַל באַווייזט זיך אויף דער ברייט פֿון דער גאַס, לאָזן זיך מענטשן ווי אין אַ טאַנץ, גיין פֿון איין זייט טראָטואַר צו דער צווייטער אַריבער. גייט אַ מאַן שנעל־שנעל, ווייל גיך אויף דעם טראָטואַר אַרויף. דערזעט ער ווי אַ פֿרוי האָט, פֿאַר אים, אַ פּעקל פֿון דער האַנט פֿאַרלאָרן.

בלייבט ער שטיין. פארגעסט זיך אין זיין יאָגעניש, בויגט זיך אָן, נעמט דאָס פּעקל און גיט עס איבער דער פרוי.

צוויי טייבעלאך וויסע פליען ארום בא א וואנט. ערגיץ האָבן זיי דאָ א נעסט געבויט.

צוויי נאָנעס, אָנגעטון אין שווארצן, גייען גלייך זייער וועג אדורך.

א מיידעלע פון א יאָר עלף האָט דערזען אן אָמניבאָס זיך אָפּשטעלן. פּאָרט דער „באָס" וואוהין זי דארף? — פרעגט זי דעם טרייבער. ער פּאָרט איר וועג און זי לויפט אף גיך אריין אינעווייניג, אזוי ווי צו אנטלויפן פון דאָנען.

אין א שמאָלן הינטער־געסל שטייט א לאסט־וואָגן מיט פערד איינגעשפּאנט. אין פּאָרנט, בא א ווינקל, שטייט א מאָן א פארטועגער, ארומגערינגלט מיט מענטשן, און ער ווייזט זיי קליינינקע מעסערלאך: צו שניידן, פאר די נעגל און אויערן. צען סענט א מעסעריל!

די גרויסע עלעקטרישע ליכט שטיין אויסגעלאָשענע. אין אָוונט וועלן זיי די גאס באלייכטן. באנאכט וועט דאָ ליכטיק זיין. באנאכט וועט דאָ פריילאך זיין.

פון אונטער דער גאס, אונטער די קליינינקע פיער עקע־דיקע און קיילאכדיקע שויבלאך, דוכט זיך אז ס' הערט זיך א פארשטיקטער טומל, א שטילער גערויש.

פיס אף די טראָטוארן, רעדער אף דער ברייטער גאס. קלינגען די קארס, קרעכצט אָפּ דער שווערער קלאנג פון שטאָל און אייזן אף די גלאנציקע שינעס.

שאפּירא האָט זיך איינגעהערט אין דעם טומל, אין דעם רויש אף דער גאס, אין דעם גאנג פון די מענטשן אין דעם אינערליכן ריטם און ער האָט אין דעם טומל דער־

פילט א לייכטקייט, אין דעם גערויש האָט ער דערפילט א שטילקייט — דער שטילער גערויש פון דעם טאָג טעג־לאכן לעבן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בא א ווינקל, ווי צו ווארטן אף א סטריט קאר, און גענומען קוקן אף די פארבייגייענ־דיקע פרויען. פריער האָט ער געקוקט אף אלע, און נאָכ־דעם האָט ער אויפגעכאפּט נאָר די שיינע פון זיי.

און ווען ער איז אזוי געשטאַנען און געקוקט, האָט ער דערפילט אז פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע, טיילן זיך אָפּ בלויז געציילטע. אלע זיינען אים פרעמד. אָבער אָט די אויסגעקליבענע פרויען אף וועמען זיין בליק שטעלט זיך אָפּ, זיינען אים נאָענט.

וואָס לייגנער ער איז געשטאַנען, איז ער געוואָרן מער אויסקלייבעריש. זיין בליק האָט אויפגעכאפּט די שענסטע פון די שיינע און אז איינע איז אוועקגעגאַנגען, האָט ער איר ווייט נאָכגעקוקט.

צוליב וואָס ער טוט עס, האָט ער ניט אָנגעהויבן ווייסן, נאָר ער האָט געהאַט דעם געפיל, אז צוליב אָט די געציילטע שיינע פרויען איז אויפגעבויט געוואָרן דער גאַנצער דאָון טאַון, און אז די גאַנצע באַוועגונג דאָ איז א פּראָצעסיע פאר די שיינע, די יונגע.

און עס האָט אים פארדראָסן פארוואָס עטל איז דאָ איצט ניטאָ. מיט איר וואָלט אלץ דאָ געווען אזוי היימיש, אזוי נאָענט. אזוי, שטייט ער דאָ ווי א פארבלאָנדזשע־טער, א זייטיקער. מיט איר אָבער וואָלט ער ארומגע־גאַנגען איבער אָט די גאַסן, אריינגעגאַנגען אינעווייניג אין די געשעפטן, און אלץ ארום וואָלט פאר זיי ביידע געהאַט א טאָלק, א זינען...

א פּאָר גרויסע שמייכלענדיקע שווארצע אויגן האָבן אַף אים געקוקט, און ער האָט זיך א כאַפּ געטון:

— אָ, העלאָ, חנה!

די פרוי פון זיין פריינט ווינטינפעלד האָט אים ווארים די האַנט געדריקט, געוועזן אזוי ווי ער, צופרידן וואָס זי האָט אים פּלוצים דאָ אָנגעטראָפן.

— איך דריי זיך דאָ ארום ווי א פארבלאָנדזשעט הינטל — האָט ער זיך געקלאָגט און אזוי ווי געפּעסטעט זיך פאר איר — ס׳ איז מיר אזוי אומעטיק דאָ.

— צופיל מענטשן — האָט זי געשמייכלט — און אז א י ך קום אהער, לעב איך אויף.

א באַ׳חנ׳טע, א פלינקע, ארומגענומען מיט א ליכטיק־גרינעם מאַנטל און א שווארץ פוטערנעם קאָלנער און די העט עטוואָס פארבויגן אין א זייט, איז זי געשטאַנען מיט א צופרידענעם אויסדרוק. אירע גרויסע פארטרוימטע אויגן האָבן נייגעריק און זוכנדיק געקוקט ארום זיך. א שמייכל האָט אומאויפהערליך געשוועבט ארום אירע ליפּן. איר לינקע האַנט האָט ארומגענומען א לאנגן קאַרדאָנענעם שאכטל און אין דער רעכטער האַנט האָט זי פאָרזיכטיק געהאלטן עפּעס ארומגעוויקלט מיט פאפּיר.

— וואָס טראָגט איר דאָ? — האָט שאפּיראָ געקוקט אַף די צוויי פּעקלאך.

— וואָס הייסט, וואָס? — האָט זי געענטפערט — אָט דאָ טראָג איך, פארשטייט זיך, א „דרעסקע", וואָס איך האָב געקויפט אַף א „סעיל". אן אמת׳ע מציאה... און אָט דאָ — האָט זי אָנגעוויזן אפ׳ן קליינעם פּעקל — טראָג איך צוויי גאָלדענע פישעלאך.

שאפּיראָ האָט עס א כאַפּ געטון פון איר האַנט.

— גאָלדענע פישעלאַך? — האָט ער זיך דערפרייט.

— פא־מע־לאך! — האָט חנה אויסגעשריען — זיי זיינען אין וואסער און איר וועט עס אויסגיסן. האַלט עס אזוי, אָ, מיט דער ברייטער זייט ארויף.

און איר פריילאכקייט האָט זיך מיט אמאָל געביטן.

— איך האָב געהאַט צוויי גאָלדענע פישעלאך — האָט זי דערציילט מיט א רחמנות־קול — זיינען זיי לעצטע וואָך געשטאָרבן... זיי זיינען געווען אזעלכע שייניניקע. געהאלטן זיך אין איין ארומיאָגן אין וואסער. ס׳איז געווען א פארגעניגן צו קוקן. נעמען זיי און שטארבן אוועק. אָט די זאָלן כאָטש לאַנג לעבן!

אן אלטע אָרימע פרוי, מיט א צוקנייטשטן פּנים, אָנגע־טון אין א לאנגע קלייד, האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן בא א שוי־פענצטער, וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט רייכע צוציענדע קליידער. זי האָט געקוקט אף א בלויע דרעס וואָס האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די מערסטע מיידלאך און יונגע פרויען וואָס זיינען דורכגע־גאַנגען.

די אלטע פרוי האָט אין דער קלייד דערזען איר אלט־קייט. אמאָל, ווען זי איז געווען יונג, וואָלט איר זייער געפּאסט אזא קלייד. איצט איז עס שוין ניט פאר איר... און זי איז מיט א שטילן זיפץ אוועקגעגאנגען פון דעם שוי־פענצטער.

— וואָס מאַכט עפּיס ווינטינפעלד? — האָט שאפּיראָ געפרעגט חנה׳ן, זיך לאָזנדיק גיין מיט איר איבער סטייט סטריט — איך האָב אים שוין לאַנג ניט געזען.

— פרעגט מיר איצט ניט אויף מיין מאַן — האָט חנה באַטאָנט דעם קמץ — איך בין אַף אים ברוגז. ער ער לאָזט זיך נעכטן אַף דער נאַכט איבער דער פרוי מיט'ן קינד אין דער היים, און ער גיט זיך אוועק אין א קאַ־ באַרעי ביז פופצן אזייגער פאַרטאָג. און ער האָט גראַדע שכל: גייט זיך מיט א יונגע שיינע מיידל. האָב איך אים אָבער געגעבן א גאָב אז ער איז געקומען! האָב איך אַף אים געפּעגט א מויל!...

— ווי אזוי האָט איר עס דערהערט אז ער איז געקומען? האָט שאפּיראָ זיך פאַראינטערעסירט אין זיין פריינט'ס פאַמיליען־לעבן.

— איך האָט ניט געהערט. כ'האָב געזעען! — האָט חנה זיך צולאַכט — איך בין געשטאַנען באַם פענצטער און געוואַרט אַף אים... אזא נאַר! דאַרף מען ניט א משוגע'נע אויסמעקן און מיר אריינשרייבן?

— אַבסאָלוט! —

— שאַט אַפּ! — האָט חנה ניט געוואָלט ליידן וואָס ער גיט איר געקעכט — וואָס פרעגט איר בעסער ניט מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט די נאַכט אין א קאַבאַ־ רעי?

זי האָט געקוקט אַף שאפּיראָ'ן און אירע אויגן האָבן גע־ גלאַנצט מיט א סוד וואָס זי קאָן בא זיך ניט איינהאַלטן און מיט נייגיר: וואָס וועט זיין אז זי וועט דעם סוד ארויסזאָגן?

— ער איז געגאַנגען מיט זיין פריינט פּינקל און מיט אייער עטל'ן.

חנה איז געווען עפּיס אזוי צופרידן וואָס זי האָט אים

געזאָגט אַז זי ווייסט וואָס עס טוט זיך צווישן אים און עטל'ען, אַז זי האָט נאָך צוגעגעבן:

— איך מיין ניט אַז זי איז אייערע, ווייל איר אַרבעט מיט איר אין איין צייטונג...

איצט האָט איר שוין באַנג געטון וואָס זי האָט זיך „צופיל צורעדט" און זיך אַזוי אום'ברחמנות'דיק אַריינ־געריסן אין זיין אַ ריין־פּערזענלאַכע אַנגעלעגנהייט. גלייכ־צייטיק אָבער האָט זי ניט פאַרפעלט אַ כאַפּ צו טאָן אויף אים אַ קוק און זען וואָס פאַר אַ מינע ער וועט מאַכן.

שאַפּיראָ'ן האָט צוערשט פאַרדראָסן אויף ווינטינפעלד'ן פאַרוואָס ער האָט זיך אויסגערעדט פאַר זיין פרוי, וואָס ער האָט אים דערציילט וועגן זיינע געפילן צו עטל'ען. אַ חוץ דעם, איז עס אים אויסגעקומען זייער פּריקרע וואָס חנה האָט אים דערציילט אַז זי ווייסט עס. אָבער באַלד איז ער באַהערשט געוואָרן פון אַנ'אַנדער געפיל. ס' טוט אים גאָר הנאה וואָס חנה ווייסט עס. אַז זי האָט אים געזאָגט „מיט אייער עטל'ען", איז עס געווען מיט אַזאַ צופרידנקייט ווי זי איז צופרידן מיט אירע גאָלדענע פישעלאַך, מיט דעם רייץ פון אירע שוואַרצע אויגן, מיט דעם וואָס זי איז אַ יונגע שיינע פרוי און זי פילט אַזוי גוט.

אָבער ריידן מיט איר וועגן עטל'ען איז אים פאָרט געווען ניט אַנגענעם.

— אפשר וואָלטן מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ מואווי? — האָט ער איר אַ פרעג געטון.

— ס'וועט זיין צו שפּעט — האָט זי געענטפערט. כאָטש זי האָט געפילט אַז זי וויל גיין מיט אים — אהרעלע וועט שוין באַלד קומען פון סקול.

— וואוהין זשע גייט מען ?

—קומט, גלאט אזוי — האָט זי געזאָגט — איר וועט גיין און רעדן און איך וועל זיך דערווייל קוקן אין די שויפּענצטער. ס'איז דאָ דאָ א וועלט מיט שיינע זאכן.

זיי זיינען געגאנגען א ווייל.

— איר ווייסט, שאפּיראָ, — האָט זיך חנה אָנגערופן — מען וואָלט עס געדאַרפט אויסגלייכן.

— וואָס ?

— כ' מיין, אָט דאָס וואָס דאָ איז אזא רייכקייט, אזא זאטקייט און אין אזוי פיל הייזער איז א שרעקלאכע אָרימקייט; וואָס אביסל מענטשן האָבן פון אלדאָס גוטס און אזוי פיל האָבן גאָרניט, האָבן ניט מיט וואָס א טאָג איבערצולעבן. מען דאַרף עס אויסגלייכן.

— ווי אזוי ? — איז שאפּיראָ געוואָרן נייגעריק צו וויסן ווי אזוי חנה וויל פאַרענטפערן דעם אייביקן פּראָבלעם פון ארבעט און קאַפּיטאַל, אָרים און רייך.

— מען וואָלט געדאַרפט האָבן עפּיס א שטיקעלע רעוואָלוציע — האָט חנה געזאָגט מיט א פרייליך פייערל אין די אויגן — פאַרשטייט זיך, אָן בלוט־פאַרגיסונגען. מען זאָל זיך עפּיס צונויפריידן און קומען צו אן אויסגלייך...

שאפּיראָ האָט געטראַכט וועגן דעם ארעסטאַנט וואָס איז אַנטלאָפן, וואָס איז עטלאכע רגע'ס געווען אַף דער פריי. איצט איז ער צוריק אין זיין צעל, א צושלאָגענער, א צובלוטיקטער, אונטער גראַטעס. א באוואַכטער.

און דער נאָרוועגישער רעפּאָרטער איז געפלויגן אין דער ווייסער נאַכט — — —

* * *

דער טעלעפאָן אַף שאפּיראָ'ן טיש האָט געקלינגען ווען ער איז אריינגעקומען אין דער רעדאַקציע.

ער האָט אראָפּגענומען דעם „רעסיווער".

— העלאָ!

אַ מאַנ'ס שטימע האָט גערעדט:

— מיט איין און צוואַנציק יאָר צוריק, צוויי וואָכן פאַר ראָש השנה. וואָס פאַר אַ טאָג איז עס געווען אין ענגליש?

— וואַרט אַ ווייל. — האָט שאַפּיראָ געזאָגט. ער האָט אויסגעטאָן דעם איבער־מאַנטל און די הוט און גענומען זוכן אין דעם גרויסן בוך־קאַלענדאַר. געטראַכט, אַז איצט איז עס כמעט דאָס איינציקע וואָס פאַרבינדט דעם אידישן לייענער מיט דער רעדאַקציע: אַ לוח פראַגע, צו וויסן אַ יאָר־צייט, אָדער וואָס.

ער האָט דעם מאַן געגעבן דעם דאַטום און זיך אוועקגעזעצט אָנשרייבן די נייס פון געריכטס־הויז.

פון דער דרוקעריי איז אַריינגעקומען אינדרין מיט אַ קאַרעקטור פון זיין אַ חסידישע מעשה וואָס איז נאָר־וואָס אויפגעזעצט געוואָרן.

אינדרין אַרבעט שוין אין דער צייטונג אַ צען יאָר און ס' האָט זיך נאָך ניט געטראָפן אַז עמיצער אַנדערש זאָל איבערלייענען די קאַרעקטור פון זיין אַן אַרטיקל אָדער אַ חסידישע מעשה. ער קאָן אפילו ניט וואַרטן ביז מען ברענגט עס אים אַריין אין דער רעדאַקציע. ער דרייט זיך אַרום נעבן דעם שריפטזעצער וואָס זעצט אויף זיינע שורה'לאַך און אַז ער זעט אַז ס' איז שוין אויפגעזעצט, הייסט ער זיך גלייך גיבן אַ קאַרעקטור. ער דאַרף אוועקגיין, וועט עס בעסער פריער איבערלייענען...

דערזען שאַפּיראָ'ן, איז ער צוגעגאַנגען צו אים:

—גרויסער מענטש, וואָס זיינט איר ניט געקומען צום מיטינג?

— צו וועלכן מיטינג? —— האָט שאפּיראָ געפרעגט.

— ער ווייסט גאָרניט! — איז אינדרין אָנגעברוגז'ט געוואָרן און א קוועטש געטון מיט א פינגער אויף א שורה פון דער „פּרוב", וואו ער האָט דערזען א טעות — דער מיטינג פון אונזער יוניע.

— ווינטינפעלד איז געווען באם מיטינג?

— נאָך א גייער! — האָט אינדרין אויסגערופן — מ' שיקט ארוים בריף, מ' זאָל קומען צו א וויכטיקן מיטינג און קיינער קומט ניט, א חוץ מיר...

ער האָט גענומען ארומגיין איבער'ן צימער:

— איך וועל זיך אָפּזאָגן פון מיין סעקרעטארסטווע, ווי איך בין א איד! שרייבער דארפן האָבן א יוניאָן! א י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין! „דיום" קומט פון אלעמען. זייט טאקע אזוי גוט — איז ער צוגעגאנגען צו שאפּיראָ'ן — צאָלט אָפּ אייערע דיום. דריי דאלאר קומט פון אייך.

אז ער האָט גענומען דאָס געלט און עס אריינגעלייגט אין קעשענע, צווישן פארשידענע פּאפּירלאך און קופּאָנען פון סיגארעטס, האָט ער זיך מיט דער האנט א גלעט געטון איבער דער לינקער באַק און געזאָגט מיט א נגון:

— האָבן מיר שוין, הייסט עס, א קימא לן, פון דריי דאלער. נישט איינס און ניט צוויי, נאָר טאקע דריי טולער. אזוי שנעל עס געקראָגן... און איצט — איצט דארף מען איבערלייענען מיין מעשה, מיין שיינע מעשה'לע: „ווי אזוי דער סאדערגורער צדיק האָט געוויזן א

מופת״, פון מ. אינדרין. צוועלף ,,פּאָינט״. צע־צוי־ע־גען...

שרייבנדיק האָט שאפּיראָ דערפילט עמיצענס אָטעם און א שאָטן פון א מענטשן בא דער זייט. ער האָט אָבער געוואָלט האָבן דעם אָנהויב פון דער נייס וואָס ער שרייבט און ער האָט זיך ניט אומגעקוקט.

ער האָט דערהערט א זיפץ. זיך אומגעקוקט און דער־זען א פארעלטערטע פרוי, א נידעריקע מיט טרויעריגע אויגן וואָס האָבן געפאלן און רחמנות׳דיק געקוקט אף אים.

ער האָט א שמייכל געטון. פאר די דריי יאָר וואָס ער ארבעט דאָ, קומט אָט די פרוי יעדע פּאָר חדשים. אלעמאָל מיט א נייער געשיכטע אָבער מיט׳ן זעלבן אויספיר: מען פארפאָלגט איר...

— וואָס וועט איר זאָגן עפּיס גוטס? — האָט ער גע־פרעגט.

די פרוי איז געשטאנען אין ערנסט־פארצווייפלטע, אין אָנגעשראָקענע, און וועלנדיק ארויסרופן זיין סימפּאטי, האָט זי גערעדט ווי צו זיך אליין, ווי זי וואָלט אים גאָרניט געוואָלט באַאומרואיקן, נאָר זאָל ער פונדעסטוועגן וויסן:

— וואָס האָט מען צו מיר? אלע ווילן מיר שלעכטס טון. אלע מענטשן..

— ווער זיינען זיי?

— אלע זיינען שלעכטע מענטשן — האָט זי ווידער שטיל גערעדט צו זיך — די ,,טשאריטים״ גייען מיר נאָך פּיס־טריט. מיינע צוויי קינדער ארבעטן גראדע, גייט מען זיי נאָך און מען וויל זיי שלעכטס טון.

אז די ,,אידישע טשאריטים״ האָבן איר געבראכט צו איר איצטיקן צושטאנד, דאָס ווייסט שאפּיראָ. אָט אזוי,

ווי איר טבע איז, צו רעדן שטיל פאר זיך אליין, איז זי איינמאל אפגעזעסן נעבן אים אריבער א שעה צייט. די גאנצע צייט גערעדט. אפילו קיין איינמאל ניט א קוק געטון אף אים, און ער געדיינקט ניט דעם תמצית פון דער געשיכטע וואס זי האט דערציילט:

אז דער מאן אירער האט געלעבט, איז זי קיינמאל ניט אנגעקומען צו קיינעמ׳ס הילף. ער האט געפעדלט און פארדינט צום לעבן. איז ער קראנק געווארן און געשטארבן. דער ווייטיק איז געווען גרוים און באלד איז געקומען די נויט. מיט צוויי קליינע קינדער געבליבן. מען האט געדארפט צאלן רענט, קויפן קוילן, געבן די קינדער עסן, און ס׳ איז גארניט געווען.

איז זי אוועק צו די טשאריטים. געבעטן הילף. האט געדויערט א וואך און ס׳ איז געקומען אין הויז אן אונ־טערזוכערין.

שפעטער האט מען איר גערופן און מ׳ האט איר גע־לאזט וויסן אז מ׳האט שוין א פלאץ פאר אירע צוויי קינדער...

ווער האט דען געזוכט א פלאץ פאר זיי ? זיי זיינען דאך א י ר ע קינדער !

האט די פרוי וואס האט גערעדט צו איר, איר געגעבן צו וויסן אז אויב זי איז געקומען אהער, זאל זי הערן וואס מען רעדט צו איר. די אונטערזוכערין האט געזען, אז ס׳ איז בא איר אין הויז ניט ריין.

— שמוציק ! ווייסן זי — האט איר די פרוי געגעבן צו פארשטיין וואס בא איר אין הויז טוט זיך.

—באַ מיר אין הויז איז אַלעמאָל געווען ריין, ציכטיק — האָט זי זיך איינגעשטעלט צו זאָגן.

אָבער ס׳ האָט גאָרניט געהאָלפן. זי איז געווען „אויף דער ליסטע" און צו די קינדער אירע האָט מען גאָרניט געהאַט... וואָס ווייסן זיי?

מ׳ האָט זיי צוגענומען באַ איר און זיי אַוועקגעגעבן אין פרעמדע הייזער. זי האָט זיי אפילו ניט געקענט זען אָפט.

איז איר איינגעפאַלן דער מוטער אַ גליקלאַכער גע־דאַנק: זי וועט גיין אַרבעטן שווער, פאַרדינען געלט, וועט זי קאָנען די קינדער האָבן צוריק.

האָט געדויערט אַ צייט. זי האָט געאַרבעט אין אַ שאַפּ, גענומען אַרבעט אַהיים, ניט גערוט, ביז זי האָט אָפּגעשפּאָרט אַ סומע געלט און איז געקומען צו די טשאַ־ריטים:

— נאַט אייך מיין געלט און גיט מיר די קינדער.

און שפּעטער, אַז זי האָט די קינדער צוריק באַקומען, האָט זי גענומען ציטערן פאַר זיי, מורא האָבן פאַר מענטשן. ס׳ ווייזט זיך איר אַלץ אויס אַז מ׳ פאַרפאָלגט איר מיט די קינדער. אַלע מענטשן זיינען שלעכט און ווילן איר שלעכטס טון.

איצט איז זי ווידער געקומען. מ׳ פאַרפאָלגט איר נאָך אַלץ.

— אָבער די קינדער אַרבעטן? — האָט איר שאַפּיראָ געפרעגט.

— מע גייט זיי אָבער נאָך. מע וויל זיי... — האָט זי גענומען ריידן אירע רייד.

— האָט קיין מורא ניט. — האָט איר שאַפּיראָ גע־מוטיקט — מע וועט זיי קיינער ניט טשעפּען. מען וועט אייך שוין לאָזן צורו.

די פרוי האָט געקוקט אויף אים מיט צוטרוי.

— א דאנק אייך, — האָט זי געזאָגט און איז פּאַמע־ליכן ארויסגעגאנגען.

אָט ווי א מענטש ווערט פון לעבן געשליידערט און פון דעם אייגענעם מענטשן־מין געפּייניקט! — האָט שאַפּיראָ געטראכט און איר נאָכגעקוקט — ווען זי פאלט אריין צו א שלאנג, וואָלט דער שלאנג גאָרניט איינגעפאלן צו מאַטערן און פּייניקן איר אזוי. זי וואָלט ארייננגעלאָזט דעם גיפט אין איר און אוועקגעפּויזעט.

— גיט מיר שוין א סיגארעטל — איז צוגעקומען צו אים „עדי" איינער פון די שריפטזעצער אין „די אידישע וועלט", א מיטל־יאָריקער מאַן מיט גרויע האָר, מיט ברילן אויף די שוואכע פאַרזאָרגטע אויגן און מיט א צייטונג ארומגעבונדן ארום זיך ווי א פאַרטוך.

ער האָט פאַררויכערט דעם סיגארעט און געקוקט ווי שאַפּיראָ שרייבט.

— אז אָך און ווייי איז צו אייך, אידישיסטן — האָט ער א זאָג געטון.

— וואָס איז דען? — האָט שאַפּיראָ אים אָנגעקוקט נייגעריק.

— גאָרניט — האָט „עדי" רואיק און לאנגזאם געערדט — איר וועט זיך שוין לאַנג ניט מאַטערן, אז איך וויל

שרייבן א אידישע בריף, האָב איך ניט צו וועמען... כ׳ האָב שוין ניט געקראָגן קיין אידישע בריף פון קיינעם פאר יאָרן און יאָרן.

ליפּקין, דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר, איז אריינגעקו־מען. ער האָט געטראָגן מיט זיך א פּאַק מיט אידישע צייטונגען וואָס זיינען אָנגעקומען פון פאַרשידענע טיילן פון לאַנד און פון אויסלאַנד. ער האָט זיי אוועקגעלייגט נעבן שאַפּיראָ׳ן אַפ׳ן שרייב טיש.

— איר וועט זיי איבערקוקן — האָט ער געזאָגט — און זעען וואָס מ׳קאָן עפּיס ארויסנעמען.

שאַפּיראָ האָט געוואוסט פון וואַנען די צייטונגען קו־מען: פון פילאַדעלפיע, קליוולאַנד, לאָס אנדזשעלעס, קאַ־נאַדע, ווארשא, מאָסקווע, לאָדז, פּאַריז, בוענאָס איירעס, און איינע אפילו פון אפריקא.

ער האָט זיך מאָדנע דערפרייט מיט זיי. ס׳ איז ניט אזוי שלעכט, האָט ער א טראַכט געטון. דאָס אידישע וואָרט ווערט גערעדט און געלייענט אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט. וויפיל מען לייענט, אָבער מען לייענט אידישע צייטונגען אומעטום.

דאָס פאַרבינדענע פּעקל האָט אים אָפּגעגעבן גריסן פון אידן וואָס זיינען צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

מיט אַן אויסגעצויגענעם הוסט איז אריינגעקומען אין דער רעדאַקציע חיים דער „קולטור טרעגער". אַן עלטערער איד, א קריפּל, מיט א פּוס וואָס שלעפּט זיך אים נאָך. ער האָט געטראָגן א גרויסן פּאַק באַטאַג׳עדיקע ענגלישע צייטונגען, איז זיך געגאַנגען מיט א לאַנגזאַמען גאַנג און מיט דערזעלבער פּינקטליכקייט וואָס ער זאָגט

אלע טאָג ווען ער ברענגט אריין אהער די צייטונגען, האָט ער הייזעריק, צוקוועטשט, ארויסגערעדט:

— א גוט ש־א־בעס!

— קומט שוין אהער, גרויסער פארדינער, לאָמיר שוין זעען וואָס איהר האָט דאָרטן — האָט אים ליפּקין צוגערופן — א נייער אומגליק אף אידן!

שאפּירא האָט געקוקט אפ׳ן פּעקל אידישע צייטונגען אף זיין טיש און אף די ענגלישע צייטונגען וואָס חיים האָט ארויפגעבראכט. די ענגלישע, כאָטש נאָר פון איין שטאָדט און פון איין אויסגאַבע, האָבן פארנומען א סך מער פּלאץ.

און „עדי" וואָס יחוס׳ט זיך אז ער איז געווען א שריפט־זעצער אין דער גרויסער אידישער דרוקעריי פון דער אלמנה ראָם אין ווילנע, האָט ניט צו וועמען שרייבן קיין אידישע בריף...

פארנאכט... עס איז איצט דער פארנאכט אין דעם אידישן גייסטיקן לעבן. עס פארגייט א דור.. אָן עפּאָכע. די לעצטע ליכט. די לעצטע זון־שטראלן.

עטל איז ארויפגעקומען מיט א טעלעגראמע. זי איז געווען אָנגעטון אין א בלויע קלייד, קיילעכיג ארומגעשניטן באַם האלז. מיט איר ארייננקומען האָט זי ארייננגעבראכט א פרישקייט אין דער רעדאקציע.

זי האָט שאפּיראָ׳ן איבערגעגעבן די טעלעגראמע און ער האָט עס אוועקגעלייגט אפ׳ן טיש.

— פארוואָס עפנט איר עס ניט? — האָבן אירע פאר־טראכטע אויגן זיך אין אים איינגעקוקט — אפשר איז דאָ דאָ וויכטיקע נייס?

— צוליב אייך וועל איך עפענען די טעלעגראמע, ווייל איר האָט זי ארויפגעבראכט — האָט שאפּירא געזאָגט — אָבער איך ווייס שוין וואָס אין איר שטייט. ס׳ איז פון דער אידישער טעלעגראפן אגענטור, די „איטאַ״.

— און אז פון דער „איטאַ״? — האָט עטל זיך גע־וואונדערט און ארום אירע רונדע ליפּן האָט א דינער שמייכל ארומגעשוועבט.

— איז ווייס איך שוין פון אויסווייניק וואָס די נייס׳ען זיינען — האָט איר שאפּירא דערקלערט. ער האָט אויפגעריסן דעם בלויען קאָנווערט — איר ווייסט וואָס? איר קוקט אריין אינעווייניג, און איך וועל אייך זאָגן וואָס דאָרטן שטייט.

ס׳ איז איר געפעלן געוואָרן דער איינפאַל.

ער האָט פאַרגעלייענט:

נויאָרק. דר. חיים ווייצמאַן איז היינט אָנגעקומען אהער מיט דער שיף „בערענגאריע״. ער איז אויפגענומען געוואָרן —

שאפּירא האָט געזעען אין אירע אויגן אז ער האָט ניט געטראָפן. ער האָט ווייטער גערעדט:

בודאפעסט. אונגארישע אַנטיסעמיטישע סטודענטן האָבן היינט געמאַכט אַן אָנפאַל אױף די אידישע סטודענטן אין דער בודאפעסטער אוניווערזיטעט און... ווידער ניט געטראָפן? וואָס איז היינט געשעען מיט דער „איטאַ״?...

די שפּיל פון פריוון טרעפן און ניט קענען, דער באַ־האַלטענער פאַרבאָרגענער אויסדרוק אויף עטל׳ס געזיכט האָט אין אים א מאָדנע פרייד און א פּאַר׳שכור׳טקייט ארויסגערופן.

שיקאַגאָ — האָט ער אויף דער גיך ארויסגעזאָגט — א אידישע מיידל איז נעבאַפּט געוואָרן פון א אידישן רעפּאָרטער, ווען זי איז א שווייגנדיקע געשטאַנען נעבן אים מיט א טעלעגראַמע אין האַנט. ער האָט איר אריינגעזעצט אין אן עראָפּלאַן און ער איז מיט איר אוועקגעפלויגן ערגיץ צו א וייטן אינזל — —

איצט האָט עטל אָנגעשטעלט אירע אויגן אף שאַפּיראָ'ן, אָבער עס האָט זיך געדוכט אז זי קוקט ניט אף אים, נאָר ערגיץ צו א ווייטקייט, אפשר „צום ווייטן אינזל".

אָבער שאַפּיראָ האָט געפילט אז איר בליק נעמט אים דורך. ער פילט ווי צום איינקארטשן זיך, ווי עפּיס א כאַפּ צו טון זיך אליין און פלוצים נישט בלייבן. ווערן אוים. און ער האָט צו איר געזאָגט:

— איך מוז אייך היינט זעען, עטל, איידער איר גייט אוועק פון אָפּיס. איך בעט אייך, וואַרט אף מיר.

זי האָט דאַן אוועקגעלייגט נעבן אים די טעלעגראַמע. נייגעריק א שאַרפן קוק געטון אף אים און געזאָגט אין א טאָן אזוי ווי וועגן א זאַך וואָס איז איר ניט שטאַרק נוגע, נאָר זי וועט פאָלגן וואָס ער בעט איר:

— אָל־רייט!

און זי איז ארונטערגעגאַנגען.

* *
*

וואָס, א שטייגער, וועט ער איר זאָגן שפּעטער? זאָל ער איר זאָגן, אז אלץ אין לעבן האָט פאַר אים קיין אינטערעס ניט, און אז ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין א חלום פון ווייסע נעכט אין א ווייטן קאַלטן לאַנד, אין א חלום

פון דערהויבן זיך, כדי צו שטילן זיין באַליידיקטן אומ־דערפאָלג בא איר, כדי צו פאַריאָגן פון זיך איר נאָמען, אירע אויגן, איר מערקווירדיקע האַלטונג צו אים?

ער האָט אליין ניט געוואוסט.

זאָל ער איר זאָגן, אז דאָס נאַטירליכסטע בא מיליאָנען מענטשן, בא א גאַנצע וועלט מיט מענטשן, איז איצט דער גרעסטער פאַרלאַנג אין זיין לעבן, און אז דאָס איז איצט דער ציל פון זיין אידעאַל, זיין אידייע, זיין העכסטע שטרעבונג, דער אינהאַלט פון זיין לעבן?

דאָס אַלטע, דאָס אויסגעדראָשענע וואָרט „ליבע", זאָל ער איר דערציילן, אָט דאָס וואָרט וואָס איז, דאַכט זיך, א בזיון פאַר א מאָדערנעם מענטשן אין דער איצטיקער צייט דאָס ארויסצוברייינגען פון מויל, פילט אָן מיט דער גרעסטער פרייד זיין נשמה, זיין גאַנצן וועזן?

א דאגה אים וואָס עס איז אַלט; א זאָרג האָט ער וואָס ס'איז נאַריש! ער וועט איר אַלץ זאָגן. אַלץ דערציילן.

זאָל זי לאַכן פון אים ס' גרעסטע געלעכטער און ער וועט איר אפילו דערציילן, ווי אזוי אז ער קומט אַמאָל אריין אין א „מואווי" און דער אָרגל הויבט אָן שפּילן א זייער סענטימענטאַלע מעלאָדי, און קינדער און א טייל פון דעם עולם קוקן אַפּ'ן לייווענט און זינגען נאָך די ליד וואָס מ' הייסט זיי זינגען, זינגט ער שטילערהייד, מיט הארץ, נאָך די ווערטער:

„אַי עם טהינ־קינג, טהינ־קינג אָפּ'יו."

און ער פילט יעדער וואָרט וואָס ס' איז פאַר אים אזוי אמת'דיק, ווייל ער טראַכט, טראַכט פון איר...

און אויב זי האָט ניט אָט דעם געפיל אין איר איצט, וועט ער עס ארויסרופן. ער וועט איר דערציילן די גע־

שיכטע וואָס וועט באַ אים הייסן „די פרוי וואָס איז געזעסן אין שטייג.״

ס׳ איז געווען אַ יונגע בלאָנדע פרוי — וועט ער איר דערציילן — אַ יונגס, אַ פריילאַכס און אַ ליבס. איז זי געזעסן יעדן אָוונט אין אַ „שטייג״. די שטייג איז געווען די קאַסע צימערל פון אַ אידישן טעאַטער. זי איז געווען אַן אייגענע פון דעם באַלעבאָס פון טעאַטער. איז זי געשטאַנען באַם פענסטערל, פארקויפט בילעטן און געלייזט געלט.

כאָטש דאָס געלט איז ניט געווען אירס, האָט זי אָבער הנאה געהאַט דערפון. ס׳ איז געווען באַ איר די הנאה פון דעם לייזונג, דער שפּילעוודיקער קלאַנג פון דעם געלט.

דער טעאַטער אליין איז פאַר איר געווען פרעמד. זי איז געווען אַן אַמעריקאַנער געבוירענע. כאָטש זי האָט אביסל פארשטאַנען אידיש, וואָס מען רעדט אויף דער בינע, האָט זי אָבער דאָס לשון ניט געוואָלט הערן... סאַי ווי — זי איז געווען זייער גלייכגילטיק, פרעמד צו דעם. ווען זי האָט געהערט ווי אויף דער בינע שפּילט זיך אָפּ אַ שטאַרקע סצענע, מ׳ שרייט, ס׳ טומלט זיך, האָט עס איר געגרילצט אין די אויערן. זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז מען איז גלאַט אַזוי, אָן אַ פאַרוואָס אויף דער בינע און מען שרייט ווי די משוגעים און מ׳ טומלט זיך און מען ווייסט ניט וואָס צו טון.

האָט זיך געטראָפן, אַז ס׳ איז אָנגעקומען אין דעם טע־אַטער אַ יונגער שוישפּילער, אַ „סטאַר״, אַן אַקטיאָר וואָס האָט מער אויסגענומען מיט זיין שיינקייט, מיט זיין פריילאַכקייט, ווי מיט זיין שפּילן.

און דער יונגער שוישפּילער איז געווען ניט לאַנג געקומען

פון איירָאפּע. ענגליש האָט ער געקענט נאָר עטלאכע געציילטע ווערטער. אידיש איז געווען זיין איינציקע שפּראך. אויף דער בינע, מיט די אלע מענטשן וואָס ער האָט זיך באגעגנט און מיט איר.

זי האָט זיך אין אָנפאנג געוואָלט האלטן מיט אים פון דערווייטנס. זי האָט צוגעגעבן אז ער איז א גוטער אַקטיאָר. ווען ער זאָל זיין אויף דער ענגלישער בינע, וואָלט געווען א פארגעניגן אים צו זען שפּילן.

עס האָט אָבער לאנג ניט געדויערט און זי האָט זיך אָפּט גענומען ווייזן אינעווייניק אין טעאַטער. פריער איז זי געשטאַנען אין קאסע־צימערל און איז פון דאָרטן געגאַנגען אהיים. איצט אָבער, האָט זי אָנגעהויבן אריינגיין אין טעאַטער. זי האָט אפילו איבערגעלאָזט עמיצן אנדערש בא דער קאסע און האָט זיך אזוי אָפּט ווי זי האָט נאָר געקאָנט, אריינגעכאפּט אינעווייניק אין טעאַטער, עפּיס זעען, עפּיס הערן. און זי האָט אזוי הנאה געהאַט וואָס זי פארשטייט כמעט יעדער וואָרט וואָס ער, דער „גרינער" שוישפּילער רעדט ארויס.

און איינמאָל — דערמאָנט זיך שאפּירא אין דער סצענע וואָס ער האָט ביזגעוואוינט — האָט מען אין דעם טעאַטער געשפּילט א מעלאָדראַמע. ס׳ איז געווען איינע פון יענע מעלאָדראַמעס, וואו דער געליבטער רעדט איין זיין געליבטע אז זי זאָל פארלאָזן איר מאַן, וואָס ווייסט ניט, וואָס הויבט ניט אָן צו וויסן ווי אזוי איר אָפּצושאַצן, און זי זאָל אוועק מיט אים. ער וועט איר — אָ! — ער וועט זיין נשמה אוועקלייגן פאר איר, ער וועט —

דער „סטאַר" האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם געליבטן, און זי, די בלאָנדע יונגע פרוי איז געזעסן און מיט דעם שטאַרקסטן אינטערעס זיך צוגעהערט. זי איז געווען

זיכער, אז דער שוישפּילער רעדט ניט צו דער שוישפּילערין וואָס שפּילט מיט אים, נאָר צו איר רעדט ער. זיינע אויגן זיינען אפילו געווענדט צו איר.

און די אַלע ליבע־ווערטער וואָס ער האָט ארויסגערעדט, האָבן פאַר איר אזא שטאַרקן באַדייט געהאַט. זי האָט זיי שטילערהייד נאָכגעזאָגט ווי מען זאָגט נאָך א תּפילה, און זי האָט אים געענטפערט... און די אויגן זיינען איר געווען פייכט און די אידישע ווערטער זיינען איר געווען אזוי טייער, אזוי נאָענט.

— נאָר וואָס פאַר א שייכות האָט עס מיט עטל'ען ? האָט שאַפּיראָ זיך געפרעגט. נאָר־וואָס האָט ער געהאַט אין געדאַנק דעם פּאָדים וואָס האָט פאַרבינדן די פּאַסירונג מיט דער בלאָנדער פרוי „אין שטייג" און עטל'ס געפילן צו אים.

וואָס וועט ער איר זאָגן, עטל'ען ?

דער „איד מיט די עפּל" איז אריינגעקומען. א הויכער, א דאַרער, מיט א געל־גרויער שיטערע שפּיצן־באָרד. ער האָט זיך געשלעפּט אן איינגעהויקערטער מיט צוויי קוישן איןביידע הענט. די עפּל און מאַראַנצן וואָס זיינען געלעגן אינעווייניק, האָבן אויסגעקוקט אזוי רחמנות'דיג ווי ער. געל און פאַרקנייטשט.

אַף שאַפּיראָ'ן מאַכט אָט דער איד אַלע מאָל דעם איינדרוק אז ער איז ניט א מענטש מיט אן אייגענעם נאָמען, מיט אן אייגענעם לעבן, נאָר ער איז א סימבאָל פון א אידישן הכנעה'דיקן פאַרקויפער. ער איז אזוי ארומגעגאַנגען מיט די קוישלאַך עפּל און מאַראַנצן אין שפּאַניען, אין דייטשלאַנד, נאָכדעם אין רוסלאַנד און איצט אין אַמעריקע.

נישט ער דארף האָבן דאָס געלט וואָס מען גיט אים פאר זיין סחורה און נישט ער איז אזוי גערן וואָס מען נעמט עס בא אים צו. דער עיקר איז בא אים זיך ארומ־שלעפן מיט די צוויי קוישלאך, זיך איינהויקערן, און ווען ער גייט צו צו עמיצן, אויסשטעלן א רחמנות׳דיקן געזיכט מיט האלב פארלאָשענע אויגן און מיט א באהאלטן קוים באַמערקבאר בטול־שמייכעלע.

ער איז צוגעקומען צו שאפּיראָ׳ן, אוועקגעלייגט אן עפּל אפ׳ן טיש, גענומען א ניקל, א קרעכץ געטון, ווידער גענומען די קוישלעך אין די הענט און אָנגעהויבן ארומ־גיין צו די אנדערע אין דער רעדאקציע.

ליפּקין האָט אים צוגערופן.

— וואָס איז דאָס געווען בא אייך אין שול לעצטן שבת?
— האָט ער אים געפרעגט — איך האָב געהערט אז מ׳האָט זיך געשלאָגן. מ׳ האָט ארויסגערופן פּאָליציי.

ליפּקין איז פאראינטערעסירט אין סענסאציעס, אין קהל׳שע עסקים. צו וויסן אלע איינצעלהייטן פון זיי. סאַי די אלגעמיינע פּאָליטיק פון דער שטאָדט און סאַי די אידישע פּאָליטיקע ווייסט ער אויסגעצבונדן, כאָטש פער־זענליך איז ער אין דעם ניט פאראינטערעסירט. ער האָט הנאה אז ער דערוואוסט זיך עפּיס נייס און פון יעדן סקאַנדאל אז ער דערוואוסט זיך די איינצעלהייטן, רופט ער אויס:

— ס׳ א סקאַנדאל אין דער וועלט! ס׳ איז נאָך אזא סקאַנדאל ניט געווען!

שאפּיראָ איז ניט געווען אינטערעסירט אין דעם וואָס ס׳ איז פּאָרגעקומען אין דער שול וואו דער איד דאוונט. האָט ער זיך ניט צוגעהערט צו דעם וואָס יענער האָט

דערציילט. ער האָט נאָר איינגעהערט, אז אָט דער איד מיט די עפּל איז דער „טרעזשורער" אין זיין שול, אז זי קאָסט אים אָפּ א סך געלט.

שפּעטער אביסל האָט ער אָבער דערהערט פון דעם אידן אזעלכע הויכע קולות, אז ער האָט אים גענומען אָנקוקן מיט גרוים וואונדער. געקוקט אויף אים און ניט פאַר־שטאַנען: אָט דאָס איז דער זעלבער איד?

— די שול קאָסט מיר בלוטיקע געלט! — האָט דער איד געשריען ווי צו א בעל חוב און אין זיינע האלב־פארלאָשענע אויגן האָט א פרעמד פייערל געברענט —איך וויל, זי זאָל זיין א שול, ניט קיין סאלון! אז דער פּרע־זידענט וויל זיין א „בוטלייגער", זאָל ער זיין. נאָר די שול זאָל ער לאָזן צו רו! מיין שול זאָל ער לאָזן צורו!

און ער האָט מיט כעס געגעבן א קלאַפּ מיט דער האַנט אפ'ן טיש.

שאַפּירא, ליפּקין און אינדרין האָבן זיך איבערגעקוקט.

דער איד איז געשטאַנען א ווייל, א פאַר'כעסטער. דערזען די צוויי קוישלעך. צוערשט האָט ער זיך אזוי ווי א שרעק געטון, און דאן האָט זיך צוריק באוויזן א רחמנות אויף זיין פּנים. ער איז צוריק געוואָרן איינגע־הויקערט, זיי גענומען אין די הענט אריין און א שוויי־גענדיקער, א געבויגענער, גענומען גיין.

אין זיינע אויגן האָט נאָך עטוואָס געטליעט דאָס פרעמ־דע פייערל.

* * *

— אַי איז אייך גוט, איז אייך גוט!

פּאמעליכן, מיט לאַנגזאמע טריט און מיט א צופרי־

דענעם זאפּטיקן שמייכל אױף זײַן רויטלעכן ברייטן געזיכט, איז צוגעקומען צו שאַפּיראָ'ן דער אַדוועטרטײַזינג־אַגענט גאָלדמאַן. צווישן די ליפּן האָט געשטעקט א נאַר־וואָס פאַררויכערטער סיגאַר.

— אָי איז אײַך גוט, באַיעלע, — האָט ער געזאָגט און אױף א ווײַל ארויסגענומען דעם סיגאַר פון מויל. — איר דאַרפט ניט ארומגיין. זיצט זיך אױף איין אָרט און קריגט זיך דאָס פיינע טשעקעלע יעדן שבת.

— ס' איז טאַקי ניט שלעכט — האָט שאַפּיראָ גע־ענטפערט, פילנדיק מער אַז דאָס איז דער אמת, ווי צו רייצן זיך מיט אים — הלואי אױף אַסך מענטשן אַזעלכע שטעלעס געזאָגט געוואָרן.

— כע־כע — האָט גאָלדמאַן זײַער צופרידן געשמייכלט — איך וואָלט זיך, פונדעסטוועגן, ניט געוואָלט בייטן מיט אײַך. איך מאַך מער געלט. „אַלבעטשע״ — האָט ער זיך צוואַרעמט — אַז איך האָב מער געלט אין די ביינק ווי איר!

שאַפּיראָ'ן איז געפעלן געוואָרן גאָלדמאַנ'ס הנאה האָבן פון זײַן פאַרמעגן. אָט איז א מענטש וואָס פילט אַז ס' איז אים גוט. ער פרייט זיך דערמיט ווי א קינד וואָס האָט באַקומען א גוטע זאַך.

— איך האָב אינגאַנצן ניט קיין באַנק־ביכל, גאָלדמאַן, — האָט ער אים געזאָגט — איך ווייס ניט ווי אַזוי צו שפּאָרן קיין געלט.

— דאָס טויג ניט! — האָט גאָלדמאַן געפילט גוט דער־פון וואָס ער קאָן שאַפּיראָ'ן אַביסל אויס'מוסר'ן און אים געבן זײַן עצה — א מענטש דאַרף האָבן א באַנק־

ביכל. אױף א רעגנדיקן טאָג,איר פארשטייט. אלע שבת, איר קריגט דעם טשעק — אריין אין באנק און אריינגע־לייגט א צענערל, צוואנציק דאלאר. וויפיל איר קענט. נאָכדעם זאמעלט זיך עס אָן, האָט איר א גרויסן באנק ביכל און זיינט א מענטש מיט אלעמען.

ער האָט געקוקט מיט זיינע צופרידענע גרינע אויגן אױף שאפּיראָ'ן און ניט געוואוסט צי יענער הערט זיך טאַקי שטארק צו צו אים, אָדער ער מאַכט גאָר אין הארצן אינ־גאַנצן חוזק פון אים.

— וועלל — האָט ער באשלאָסן — איר וועט שוין קיין געלט ניט האָבן. איר זיינט ניט דער מענטש דערפאַר. „אלבעטשע" ס' גאַנצע געלט גייט בא אייך אוועק אויף נקבות.

שאפּיראָ'ן איז איצט געוואָרן אינטערעסאנט צו וויסן וואָס אָט דער צופרידענער מענטש טראכט זיך וועגן פרויען, וואָס פאר א באציאונג ער האָט צו'דעם מין: פרוי.

— איר קערט אודאי וויבן פון פרויען ? — האָט ער אים געפרעגט.

קוקנדיג אין גאָלדמאַנ'ס אויגן וואָס האָבן א גלאַנץ געטון, האָט שאפּיראָ געקענט גרינג זעען אז גאָלדמאַן זעט איצט פאר זיך א גאנצן צימער מיט פרויען, אויסגעטוענע, נאַקעטע. מיט גרויסע בריסטן און לאנגע גראָבע פיס, געשמאַקע.

— איר לאכט פון מיר, א ? — האָט ער געשמייכלט
— ס' איז אָלרייט. מ' האלט איצט אין „איינטרייען" א יונגע ווייבעלע — אך, וועט מען פון איר הנאה האָבן !

— וואָס מיינט איר : „מ' האלט אין איינטרייען" ? —

האָט שאַפּיראָ געפּרעגט — ווער?

האָט אים גאָלדמאַן דערציילט:

— איר ווייסט דאָך, איך קום אריין צו „ריעל עסטייט־ניקעס”. א מאָל נאָך אַן „ער’ל”, א מאָל אַזוי. איך האָב א סך גוטע באַקאַנטע צווישן זיי. נו, ביזנעס איז „סלאָו” בײַ זיי איצט, ניט אַזוי פויגלדיק, ווילט זיך אביסל יו נאָו! נישט אַלע, פאַרשטייט זיך, נאָר ס׳ איז דאָ א פּאָר לעבע־דיקע חברה. קומען אריין צו זיי יונגע ווייבלאַך, צוליב פאַרשידענע זאַכן. קויפן א „לאָט,” א הויז. פאַרקויפן. זעט מען אַז איינע איז א פּאַרשוין, און ס׳ איז דאָ עפּיס אַן האָפּענונג אַז מ׳ זאָל זיך קאָנען צו איר צושאַרן, מאַכט מען איר קאָמפּלימענטן, מ׳ הייסט איר קומען מאָרגן, איבער־מאָרגן. מ׳ וועט טון פאַר איר אַלץ! און אַזוי צו ביסלאַך, האַלט מען איר אין „איינטרייען”, מ׳ ווערט מיט איר גוט־פריינט, ביז ס׳ ווערט אַלרייט. איר ווילט אפשר אַן אַדרעס פון א ווייבעלע? — האָט ער אָנגע־באָטן זיין פריינדשאַפט צו שאַפּיראָ׳ן...

— ניין. א דאַנק.

— אייך לויפן זיי דאָך נאָך! — האָט גאָלדמאַן אים מקנא געווען.

ער האָט שוין געהאַלטן בײַ גיין.

— איר ווילט אפשר היינט שפּילן א פּאָוקערל? — איצט איז שוין גאָלדמאַן געווען זיכער אַז שאַפּיראָ וועט זיך אין דעם אָנכאַפּן.

— א גרויסן דאַנק. איך שפּיל ניט אין קיין קאָרטן — האָט אים שאַפּיראָ איבערראַשט.

— אין קיין ק אָ ר ט ן שפּילט איר ניט! — האָט גאָלד־מאַן געקוקט אױף אים װי אױף אַ בייז־װאונדער — װהאַט טו העל איז דהי מעטער וויטה־ש יו? איהר זענט אַ ,,דזשאָוק"! — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און איז אװעקגעגאַנגען.

שאַפּיראָ האָט זיך געלאָזט גיין אין דער דרוקעריי, אװעקלייגן זיין ,,קאָפּי". בײַ דער טיר איז געשטאַנען דער זעצער שקאָלניק, אַ פעסט־געבױיטער יונגערמאַן מיט גרויסע שוואַרצע אויגן. ער איז געשטאַנען פאַרטראַכט, און ווען ער האָט דערזען שאַפּיראָ׳ן, האָט זיך אַ גוטער פריינטלאַכער שמייכל באַוויזן אויף זיין אומעטיקן פּנים.

— העלאָ, שאַפּיראָ! — האָט ער אים פריער מיט דער האַנט געגעבן אַ קלאַפּ אין פּלייצע און נאָכדעם זי אים דערלאַנגט — שטעק אריין אַ שלום עליכם! דהאַט׳ס דהי באָי.

— וואָס שטייט איר עפּיס בײַ דער טיר? — האָט זיך שאַפּיראָ געוואונדערט — וואָס גייט איר ניט אריין אינעווייניג?

— לאָזן ניט אריין. מאַכן אַ לעבן — האָט שקאָלניק זיך געקלאָגט אין זיין אידיש וואָס האָט אים אליין גע־קלינגען פאַלש און פרעמד — שטייען אלע און מען זשעברעוועט — האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ האַנט אין דער דרוקעריי — איך קום — ניטאָ קיין פּלאַץ. אַ וואָרף איין טאָג ארבעט אַ וואָך. איין ווייב. צוויי קינדער. און איך אויך אַ מענטש. ניין?

פאַר שאַפּיראָ׳ן איז שקאָלניק אלעמאָל אינטערעסאַנט. ער האָט שוין עטלאַכע מאָל אים געוואָלט פרעגן מער

איינצעלהייטן פון זיין לעבן. אָבער דאָס וואָס ער ווייסט פון אים, איז אויך עפּיס מאָדנע־אינטערעסאַנט. ער איז געקומען קיין אַמעריקע פון קאווקאז. פאַרבראַכט זיין יוגנט מיט גרוזינער און טאַטערן. פון אידישקייט האָט ער ניט אָנגעהויבן וויסן, א חוץ א ברכה מאַכן מיט צו־קאַליעטשעטע העברייאישע ווערטער. דאָ האָט ער זיך אויסגעלערנט צו זיין א שריפטזעצער. ער האָט פון צייט צו צייט געשפּילט קליינע דאָלן ווען א רוסישע טרופּע האָט עפּיס אויפגעפירט. ווי אזוי עס קומט צו אים שפּילן, הויבט שאפּיראָ ניט אָן צו וויסן. אמאָל קומט ער אהער מיט א באַלאַלייקע, שפּילט אויס א רוסישן מאָטיוו, זינגט צו דערביי און פאַרענדיקט גאָכדעם מיט א פּאַטש מיט די פינגער איבער די ליפּן. אין זיינע אויגן איז דאָ אזא גוטסקייט, אין זיין פּעסטקייט עפּיס ווייבעס, אַנגענעמס, און אין זיין גאַנצן וועזן א פאַרבאָרגענע פרייד.

— פאַרוואָס לאָזט מען אייך דאָ ניט ארבעטן? — האָט שאפּיראָ געוואָלט זיך דערוויסן מער וועגן דעם.

— שקאָלניק ניט גוט פאַר זיי! — האָט ער אליין געגעבן דעם ענטפער — וויל ארבעטן... איך געאַרבעט אין א קליינעם דרוק. פאַרמאַכט. איך זיך אויסגעלערנט זעצן אף „לײנאָטאַיפּ". געגומען אידישן „אוטשיטעל", זיך אויסגעלערנט אידיש. שוווער... גימל, זין, אַלף איינס. געקומען צו יוניאָן, איך וויל א דזשאָב. יוניאָן זאָגט: ארבעט. געקומען אין שאַפּ — אידישע מענטשן! — א דודקע בראָט. מע לאָזט ניט. אַלע ארבעטן. אָווער־טאַים, אַלץ. מיר — פּאַשאָל וואָן! פאַרוואָס איך קאָן ניט גוט אידיש. איך קיין מענטש ניט. יוניאָן

געהייסן: איין טאָג ארבעט. צוויי טעג שטייען דאָ אָ. קריגן געלט. קריגן!

און זיינע אויגן, שקאָלניק׳ס, האָבן אזוי זשעדנע אריינגעקוקט אין דער דרוקעריי, וואו א פופצן זעצערס זיינען געזעסן בא די מאַשינען און זיך ארומגעפּאָרעט בא די שטאָלענע טישן. צייטנווייז האָט א זעצער א קוק געטון צו דער טיר און אױף דער גיך אָפּגעווענדט די אויגן פון דאָרטן.

וויינבערג, א נידעריקער, א מאסיוו־געפּאקטער, מיט אַן אָנגעבלאָזענעם פּנים, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אָפּגע־געסן א שווערן פעטן מאכל, האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין קליינעם בײנקל בא דער מאַשין און זיך געלאָזט גיין צום וואַש־צימער. דורכגייענדיק האָט ער מיט בטול און מיט גרינגע שנאה אויגן א קוק געטון פון א זייט אױף שקאָלניק׳ען.

— אָט׳זעסט אים — האָט שקאָלניק געזאָגט צו שאַ־פּיראָ׳ן — מיר אַמאָל געאַרבעט אינאיינעם. איך אים געליען געלט. גוטער פריינט. איצט — א שונא. ער שרייט: מיר ניט געבן קיין ארבעט. מיר ארויסטרייבן. דאָ דאָ גוטע מענטשן אויך. וואוילע! ווילן מיר אריינ־נעמען. ער שרייט: ניין!

— וויינבערג? — איז שאפּיראָ געוואָרן איבערראַשט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי מיט א פּאָר יאָר צוריק, האָט אָט דער זעצער, וועלכער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין אַן אָרימע אידישע וואָכנבלאַט, וואָס האָט זיך יעדע וואָך געהאַלטן בא צומאַכן, איינמאָל זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאר אים.

— אייערע זעצערם! — האָט ער זיך באַקלאָגט — מענטשן אָהן הערצער. שטיין און ארבעטן און ארבעטן. וואָלטן איינגעשלינגען די וועלט. און צולאָזן נאָך א זעצער, ער זאָל אויך מאכן א שטיקל לעבן — דערלאָזן זיי ניט. מ׳ האָט פארשלאָסן טיר און טויער און מע פרעסט. האָבן מורא אפילו א ביינדל צו ווארפן א זייטיקן מענטשן. אזא רציחה! וואו האָט מען געהערט אזוינס!

איצט, אז ער איז דאָ, און איז גלייך מיט די אַנדערע, האָט ער איננאַנצן פארגעסן וואָס מיט אים איז געווען און ער ארבעט מעשים אז מ׳ זאָל ניט צולאָזן קיין נייעם מענטשן.

— נישט געזאָרגט — האָט שאפּיראָ געטרייסט שקאָל־ניק׳ן — איר׳ט נאָך אמאָל זיין אינעווייניק און ארבעטן, און זעען אז מ׳זאָל ניט צולאָזן קיין אנדערע...

אריינקומנדיק צוריק, האָט ער בא זיין שרייבטיש גע־טראָפן גלעזער׳ן, א דעלעגאַט פון די אידישע אָרגאני־זירטע ארבעטער אין רומעניען, וועלכער איז דאָ געווען א פּאָר וואָכן.

שאפּיראָ איז צו אים געווען זייער פריינטלאך. ער האָט פאר אים געשריבן אין דער צייטונג נאָטיצן פאר פארזאמלונגען און געזעען, ווי ווייט מעגליך, אים העלפן אז ער זאָל קריגן געלט פאר דעם צוועק וואָס ער איז געקומען אהער — שטיצן די ארעסטירטע אידישע ארבע־טער, אָנהאַלטן די ארבעטער קלובן און נאָך אזעלכע זאכן.

— נו, זייט געזונט, הער שאפּיראָ! — האָט אים גלעזער געגעבן זיין האַנט — איך פאָר שוין היינט אוועק.
שאפּיראָ איז געווען איבעראַשט.

— איר פאָרט צוריק קיין רומעניען ?

— וואָס דען האָט איר געמיינט ?

— איך ווייס ? אז איר האָט זיך ארויסגעריסן פון דאָרטן און זיינט שוין דאָ, — מיט יעדן וואָרט האָט ער דערפילט א שטאַרקערן רחמנות צו דעם אידן פון רומעניען — וואָס וועט איר גיין צוריק אין פייער אריין ?

ער האָט זיך דערמאָנט אין די אַלע נייס'ען וואָס קומען אָן פון יענעם לאַנד, ווי אזוי אידן זיינען דאָרט נאָר עפּיס אזא „זאך" וואָס מען דארף עס האלטן אין איין מוטטשען און מאַטערן און פּייניקן.

שאפּירא האָט קיינמאָל ניט געפילט אזוי דאָס נאָענט־קייט פון איד צו איד, ווי איצט צו גלעזער'ן. עפּיס האָט ער נעהאַט דעם געפיל ווי ער איז זיינער אן אייגענער ברודער און ער פאָרט איצט אף אומקומען.

— טאַקי, בלייבט דאָ ! — האָט ער אים פאָרגעשלאָגן מיט א געבעט, כאָטש ער האָט בשעת מעשה אליין געפילט אז ער רעדט ווי א קינד.

גלעזער האָט אף אים געקוקט און געשמייכלט.

— וואָס מיינט איר, איך זאָל בלייבן דאָ ? — האָט ער — מ' האָט מיר געשיקט נאָך הילף. האָב איך געקריגן וויפיל איך האָב געקענט. איצט איז דאָרט דאָ אזוי פיל ארבעט צו טון. עס זיינען דאָ אידישע אר־בעטער־מאַסן. מ' דארף אזוי פיל טון פאר זיי. יעדער טריט וואָס מיר מאַכן, איז א גרויסער געווינס, א דער־גרייכונג. און א חוץ דעם — האָט ער א שמייכל געטון — צי רומעניע האָט מיר ליב אָדער ניט, איך האָב רומעניע יאָ ליב. ס' איז מיין לאַנד... עס קאָן אמאָל ווערן א גוטע לאַנד...

זיי האָבן זיך וואַרם אָפּגעזעגנט און גלעזער, אָנגעטון אין א לאַנגן מאַנטל וואָס איז אזוי ווי געהאַנגען אויף אים, איז אוועקגעגאַנגען.

ליפּקין איז צוגעקומען און דערלאַנגט שאפּיראָ'ן עטליכע אויסשניטן פון די ענגלישע צייטונגען, אויף צו מאַכן פון זיי נייס.

— ער פּאַרט שוין אוועק? — האָט ער א זאָג געטון אויף גלעזער'ן — גאָט צו דאַנקן, פּטור געוואָרן פון א נודניק.

שאפּיראָ האָט אָנגעגאָסן פרישן טינט אין טינטער. איבערגעביטן די אַלטע פּען אויף א נייע און גענומען שנעל שרייבן די נייס. כאָטש די שורות האָבן געהאַלטן אין איין שוואַרצן זיך אויף די ווייסע זייטלאַך און ער האָט געשריבן אָן אן אָפּשטעל זייטל נאָך זייטל, האָט ער אָבער געפילט אז ער האָט צו דעם געשריבענעם קיין שום באַציאונג ניט. עס איז „קאָפּי", פאַר די זעצערס. מיט אים האָט עס גאָרניט צו טון.

אז ס' איז געקומען פאַר'ן לעצטן שטיקל נייס, איז ער שוין געווען מיד. געוואָלט אוועקוואַרפן דעם אויסשניט א ניט איבערגעשריבענעם. ס' וועט זיין גוט אָן דעם אויך. ער האָט עס אָבער גענומען איבערלייענען, צו זען וואָס ער וואַרפט אוועק, און לייענענדיק, האָט ער דערפילט אין זיך א פרישקייט, און דאָס שטיקל אויסשניט פון דער ענגלישער צייטונג איז בא אים געוואָרן טייער. ער האָט זיך מיט דעם דערפרייט, און מיט א באַזונדערע הנאה גענומען דאָס איבערשרייבן.

ס' האָט זיך די נייס געלייענט אזוי:

דורך די פּאסאזשירן וואָס זיינען היינט אָנגעקומען אהער מיט דער שיף „אקוויטאַניע", האָט מען זיך דערוואוסט דעם טרויעריקן שיקזאל פון דעם לופט פליער מעק'דאנאלד, וואָס האָט זיך אין א קליינעם עראָפּלאן געלאָזט פליען פון קאנאדע קיין ענגלאַנד.

עס איז געווען באנאכט, ניט ווייט פון דעם ברעג פון אירלאַנד. די פּאסאזשירן האָבן געוואוסט פון מעקדאָ־נאַלד'ס פליה־רייזע איבער דעם אַטלאַנטישן ים. האָבן זיי געקוקט אין דער לופטן, אפשר וועלן זיי זיין עראָפּלאן דערזען.

פּלוצים, ווי זיי זיינען אזוי געשטאַנען אפ'ן שיף און געקוקט אין דער פינסטערער נאַכט אריין, האָט זיך אין הימל א ליכט באוויזן. עס האָט א פלאם געטון א שטיק פייער, א גרויסע ליכט, און די ליכט איז אין ים אריינגע־פאלן...

ס' איז זיכער אז דאָס האָט מעקדאנאַלד'ס עראָפּלאן זיך אָנגעצינדן, ווען ער איז שוין ניט ווייט פון זיין ציל געווען, און דער עראָפּלאן און דער פליער, וואָס האָבן פון ווייטן ווי א ליכט אויסגעזען, זיינען אריינגעפאלן אין ים אריין. די ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן.

שאפּיראָ איז געבליבן זיצן א פארטראכטער.

. . . איז געפלויגן, געפלויגן די גאָלדענע פּאַווע — האָט ער זיך אין אן אלטער אידישער פאָלקס־ליד דערמאָנט — איז זי געפלויגן פון פרעמדן לאַנד איבער ווייטע ים'ען, און האָט דעם גאָלדענעם פעדער פארלאָרן — —

אפשר איז עס די גאָלדענע פּאַווע, האָט ער געטראכט, וואָס באַהערשט אים אזוי ווען ער טראכט פון פליען, פון

אויפהויבן זיך צו הויכע ווייטקייטן. אפשר איז דער חלום פון דער גאָלדענער פּאַווע דער אָנהויב פון זיינע חלומות וואָס טראָגן אים צו די ווייסע נעכט אין דעם ווייטן קאַלטן דרום־לאַנד, צום סוף פון דער וועלט.

איז געפלויגן, געפלויגן די גאָלדענע פּאַווע — — —

---

דער גערויש פון טאָג האָט געהאַלטן אין פאַרגיין. דער פאַרנאַכט האָט א קילער זיך געטונקלט, זיך געצויגן אין דער נאַכט אריין.

בא די פיר ווינקלען פון דער ברייטער דורכגעשניטענער גאַס זיינען גרופּעס מענטשן געשטאַנען, געוואַרט אף די אָנקומענדיקע טראַמוויען און יעדער האָט געפּרואווט שטיין אף דעם אָרט וואו די קאַר וועט זיך אָפּשטעלן, צו זיין פון די ערשטע אף אריינגיין.

עס האָט זיך געפילט אין דער לופטן דער סוף פון א טאָג ארבעט. דאָס ציען זיך פון די מענטשן צו זייערע היימען, צוי זייערע אייגענע.

די ברייטע רוזוועלט גאַס האָט זיך געצויגן ווייט־ווייט צו דעם דאָגלאַס פּארק געגנט, דער גרויסער אידישער ישוב, וואָס האָט אין פאַרלויף פון יאָרן, די אידישע איינוואוינער צו זיך פון דאַנען אריבערגעטראָגן.

עטל מיט שאַפּיראָ'ן זיינען צוגעקומען צום ראָג פון דער גאַס און זי האָט זיך געלאָזט גיין אף דער רוזוועלט גאַס.

— איר ווילט גיין אהיים צופוס? — האָט איר שאַפּיראָ געפרעגט — ס' איז אביסל ווייטלאך.

— מיר׳ן גיין ביז מיר וועלן מיד ווערן — האָט זי געענטפערט — ס׳ ווילט זיך מיר איצט גיין אביסל, האָבן פרישע לופט. אייך ארט דאָך דאָס ניט ? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט איר פארזיכערט אז פארקערט, אדרבא. ער גייט אלעמאָל א סך. און ריידנדיק, האָט ער דערפילט אז ס׳ איז אים אומבאַקוועם. אז זי וועט ריידן, וועט ער איר קאָנען ענטפערן. אָבער אליין אָנהויבן א געשפרעך וועט ער איצט ניט קאָנען.

ס׳ איז אים געווען עפּיס מאָדנע. אלע מאָל ווען ער גייט ארום מיט מיידלאך אָדער מיט פארהייראַטע פרויען, האלט ער זיך פריי, וויצלט זיך און האָט די אויבערהאַנט. איצט איז ער שפּל׳דיג. עטל׳ס אַנוועזנהייט פארשאָטנט אים אינגאַנצן.

עטל האָט ניט געוואוסט פארוואָס, אָבער זי איז געווען זיכער אז דאָס וואָס ער וויל איר זאָגן, וועט ער איר היינט ניט זאָגן, און ס׳ איז איר געווען א חדוש אף זיך פאר־וואָס זי האָט זיך אזוי גיך געלאָזט איינריידן אף ארויס־גיין מיט אים און הערן וואָס ער האָט איר צו זאָגן.

זי האָט עס ניט געדארפט טאָן, איז איר איצט איינגע־פאלן. ווען ער האָט איר פריער געבעטן אז זי זאָל ווארטן אף אים, ווייל ער דארף איר זאָגן עפּיס וויכטיקעס, האָט זי געדארפט מאכן דעם אָנשטעל אז זי איז אינגאַנצן ניט פאראינטערעסירט אין זיינע רייד, און אים אָפּענטפערן:
— וואָס קאָנט איר מיר זאָגן ? וואָס האָט איר מיר דען אזוינס וואָס צו זאָגן ?...

זיי האָבן געהאלטן אין דורכשניידן א שמאָלע געסל

און אן אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען יאָגנדיק זיך און איז נאָענט פאַרביי איר דורכגעפאָרן. עטל איז געוואָרן בלאַס, זיך א כאַפּ געטון אַף צוריק און איז געבליבן שטיין א פאַרוואונדערט־אויפגערעגטע, דערפילנדיק אז זי איז נאָר־וואָס געווען אין א געפאַר אַף איבערגעפאָרן ווערן.

— ער איז געפאָרן ווי א ווילדער! — האָט עטל זיך גע׳רוגז׳ט — ער האָט אפילו קיין קלינג ניט געטון.

— אזוי זיינען שוין אויטאָמאָביל פאָרער — האָט שאַ־פּירא אַף דעם געענטפערט — א מענטשנ׳ס לעבן איז בא זיי הפקר. אז איך גיי צופוס, וואָלט איך אלע אויטאָמאָ־בילן פאָרער וואָס יאָגן זיך, פאַרשיקט אין די טורמעס. וואס איז אַף זיי אזא יאָגעניש? מאכט זיך אבער אז איך זיץ אין א מאשין, וואָלט איך וועלן אלעמען איבער־יאָגן, די ערד איינשלינגען אונטער זיך.

עטל האָט א שמייכל געטון. געוואוסט אז זי האָט אויך אמאָל אזא געפיל.

— מענטשן האָבן אין אלגעמיין ניט קיין באשטימטע געפילן און אָפּגעמאַכטע מיינונגען — איז שאפּירא ווייטער אָנגעגאנגען מיט דעם געשפרעך — איך ווייס עס אין זיך. א מאָל איז בא מיר דאָס טיף־מענטשלאכע דער עיקר אין לעבן. דער מין מענטש איז בא מיר אזוי הייליק, אז איך פאַרגעטער אים. איך זוך אין אלץ דעם מענטש־לאכן שטריך, די מענטשלאכע נשמה. א לעבן פון א מענטשן איז בא מיר טייערער ווי א גאַנצע רעוואָלוציע. אמאָל אָבער, אז איך טראכט זיך איין אין דעם גאַנג פון דער וועלט, וואָלט איך וועלן אז ס׳זאָל אומגעבראכט ווערן אלע די וואס פאַראומערן דאָס לעבן, וואָס לעבן אין גרעסטן

וואוילטאָג אַף דעם שוויס און הילפלאָזיקייט פון אנדערע.

— ס׳איז אפשר ניט גוט אזוי — האָט עטל זיך אָנגערופן — עפּיס קלעפּט זיך עס ניט. זיינט איר א רעוואָלוציאָ־נער, דארפט איר אלעמאָל זיין אזוי. איז בא אייך דער עיקר דאָס ריין־מענטשלאכע, דארף אלצדינג זיין בא אייך גוט, און איר דארפט ניט אויפגעשטורמט ווערן. איר דארפט צו קיינעם קיין האס ניט טראָגן.

— נישט ווען איר קוקט מיט אָפענע אויגן אַף אלץ — האָט שאפּיראָ געענטפערט — א רעוואָלוציאָנער מיינט, זיך שטעלן אַף איין זייט, זעען נאָר איין ווינקל פון לעבן. אָט א שטיינער, לאָמיר נעמען די מאָסן, די ברייטע מאָסן. די גרויסע שיכטן פון פעלקער. איז אמאָל ווערט איר פון די מאָסען באגייסטערט. זיי שטורמען פעסטונגען. זייערע טריט זיינען שטארקער און הילכיקער ווי די טריט פון ארמייען. אין געשלאָסענע רייען גייען זיי, מיט דעם רוף פון יושר, מיט דער פאָדערונג פאר גערעכטיקייט. זיי קעמפן.

און אמאָל זעט איר ווי א מאָסע איז א פּעבל, א מאב. זיי גייען לינטשן. זיי גייען אָפּטון די ערגסטע זאכן, זיי גייען די וועלט נאָך ערגער מאכן ווי זי איז. א מאָסע ווערט אמאָל אזוי נאריש און אכזריות׳דיג אז ס׳ איז א בוזי בזיון: רייצט אויף א מאָסע אַף די וואָס פירן איר, אַף די וואָס האָבן יאָרנלאנג געוויייטיקט אירע ווייטיקן, וועלן זיי די פירער פשוט פארשטיינען.

זיי זיינען צוגעקומען צו א ראָג גאס, וואו די צווייטע הויז פון א באַנק, שטייט דער אידישער טעאטער. א גרויסע בילד פון דער שוישפּילערין אסתר לובין איז גע־האנגען אין א ראם אַף דער וואנט.

עטל'ען האָט א צי געטון צו זעען דאָס בילד, און ווען זיי זיינען צוגעקומען, האָט שאפּיראָ זיך דערמאָנט אין דער נאכט פריער, האָט א שמייכל געטון און זיך אָפּגעקירעוועט.

— זי זעט אויס צו זיין אַן אינטערעסאַנטע פרוי, מאַדאַם לובין — האָט עטל געזאָגט קוקנדיק אפ'ן בילד.

— באזונדערס, ווען איר קוקט אף איר, מיט אייערע אויגן — האָט שאפּיראָ א קוק געטון אף עטל'ען און אויפגעכאפּט א דאנקבארן שמייכל — איר באהויכט איר מיט אייער יוגנט און פרישקייט.

ארום די פארמאכטע טירן פון דעם טעאַטער, האָט זיך ארומגעדרייט א בחור פון א יאָר אכט און צוואנציק, מיט קליינע צושראָקענע אויגן.

— איר זעט אָט דעם בחור? — האָט שאפּיראָ אף אים אָנגעוויזן עטל'ען — ער איז דער סוד פון דעם אידישן טעאַטער אין שיקאַגאָ.

— מיט וואָס? — האָט עטל באַטראכט דעם יונגן מענטשן און ניט געזען אף אים קיין אויסערגעוויינליכס.

— קומט, וועל איך אייך דערציילן — האָט שאפּיראָ געזאָגט און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער איבער דער רוזוועלט גאס — שוין א פּאָר יאָר אז ער קומט אהער. ער קויפט א בילעט יעדן זונטיק אף דער נאכט. מעג א פּיעסע געשפּילט ווערן דריי חדשים צייט, וועט ער אלע צוועלף זונטיקס קויפן בילעטן צו זעען דיזעלבע פּיעסע. ער קומט אהער יעדן פארנאכט, ווען די טירן זיינען נאָך געשלאָסן און ער דרייט זיך אזוי ארום א שווייגנדיקער. רעדט צו קיינעם ניט אויס קיין וואָרט. שפּעטער גייט ער אריין אין דער לאָבי, שטעלט זיך אוועק אין א ווינקל און

שטייט אזוי ביז מ׳ הויבט אָן שפּילן. אז מ׳ שפּילט אָפּ א פינף מינוט, גייט ער זיך אוועק. מ׳ האָט אים געפּרואווט א פּאָר מאָל איינלאַדן אין מיטן דער וואָך ער זאָל אריינגיין אָן א בילעט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

נאָר זונטיק — יעדן זונטיק אױף דער נאַכט גייט ער אריין אין טעאַטער. א בילעט קױפט ער א גוטן און ער האָט שוין אלעמאָל זיין פּלאַץ. אלע וױיסן שוין אז דעם און דעם פּלאַץ דאַרף מען לאָזן פאר אים. אױף קיין אנדערן פּלאַץ וועט ער זיך ניט זעצן.

— ווער איז ער? וואָס איז ער? — האָט עטל געפרעגט פאר׳חדוש׳ט.

— מ׳ זעט אים דאָ יעדן טאָג און קיינער וױיסט ניט ווער ער איז.

— איר זיינט דאָך, זאָגט מען, א גוטער רעפּאָרטער — האָט עטל געפרעגט שאַפּיראָ׳ן — פאַרוואָס געפינט איר עס ניט אוים?

— איך וויל ניט. מען דאַרף ניט— האָט שאַפּיראָ געזאָגט — אלע ווילן אז ער זאָל פאַרבלייבן א געהיימניש, דער סוד פון דעם אידישן טעאַטער.

עטל האָט זיך אומגעקוקט. געוואָלט זעען דעם בחור. אָבער זיי זיינען שוין געווען וױיט אוועקגעגאנגען און מ׳האָט אים מער ניט געזען.

— איר וױיסט, עטל — איז שאַפּיראָ געווען זייער צופרידן וואָס זי גייט מיט אים און איז פאַראינטערעסירט אין זיינע רייד — דער ,,ארום טעאַטער״ — איך מיין ניט הינטער די קוליסן. אהינצו גיי איך ניט. —

— איר גייט יאָ... — האָט אים עטל איבערגעשלאָגן, עפּיס מיט אַן אומצופרידענע מינע.

— איך גיי נ י ש ט — האָט איר שאַפּיראָ פאַרזיכערט און ווייטער דערציילט — אין טעאַטער, צווישן דעם פּובליקום, איז אָפטמאָל אַ סך מער אינטערעסאַנט ווי דאָס וואָס עס ווערט געשפּילט אויף דער בינע. איינמאָל, איר הערט עטל, קום איך אַריין אין טעאַטער. מ׳ האָט שוין געשפּילט און ס׳ איז געווען פינצטער. איך זעץ זיך אַוועק, דערזע איך אין דער פאָדערשטער ריי אַ שרעקלאַך געזיכט פון אַ פרוי. איין זייט פּנים האָב איך געזען, די רעכטע. די באַק אַ צוקנייטשטע, אַ רויטע. די ליפּן פאַרקרימטע, אַראָפּגעהאַנגענע, מכשפה׳דיקע. דאָס אויג אַ בייז׳ס, אָנגעשטעלט ווי גרייט צו פאַרניכטן דערמיט אַלץ וואָס עס זעט.

— ס׳ האָט מיר אַזש אַרומגעכאַפּט אַ שרעק. ניט געקענט קוקן אויף איר. ס׳ איז געווען אין דעם געזיכט אָפּשטויסענדעס, טייוועלשעס. אַ פּנים פון אַ „באַבאַ יאַגע“ וואָס כאַפּט אָפּ קליינע קינדערלאַך אין זידיקע וואַסער... איך האָב געפּרובט קוקן איבער איר און דורך אַ זייט צו דער בינע אַרויף. אָבער אַפילו נישט קוקנדיג אויף דעם געזיכט האָב איך עס געזען.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זי זיך מיט דעם צווייטן טייל פון איר געזיכט אויסגעדרייט צו מיר, און איך האָב דערזען אַ צוועלף יאָריקע מיידעלע. איר פּנים, דאָס הייסט, דער האַלבער זייט פּנים, אַ מילדער, אַ פרישער, אַ יונגער, אַזאַ צאַרטער. דאָס אויג, אַ גרויס, אַ שוואַרץ׳ס, אַזוי מילד. אַפילו די האָר אויף דער זייט, גרייזלדיקע, לאָקענדיג, פאַרכאַפּענד. אָבער באַזונדערס דאָס פרישקייט

און גלאַטקייט פון דער באַק. א באק וואָס עס ווילט זיך אזוי גלעטן, פילן דאָס ווייכע גלאַטקייט, דעם לייכטן ציטער, דאָס יונגע בלוט אין דעם.

עטל איז געווען שטאַרק אונטער דעם איינדרוק פון דעם דערציילטן. זי האָט זיך עס פאַרגעשטעלט אף זיך און זי האָט אויפגעציטערט.

— זעט נאָר, שאפּיראָ! — האָט זי זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און מיט די הענט באוויזן אף ביידע זייטן פון דער גאס.

בא דער זייט, נעבן דעם טראָטואר אף וועלכן זיי זיינען געגאנגען, זיינען געווען אָנגעשטעלט מצבות. אף איי־ניקע זיינען פון אויבן געווען אויסגעקריצט מגן דוד'ס און אינ־מיטן די נעמען פון די מענטשן אף וועמעס קברים זיי וועלן אוועקגעשטעלט ווערן.

אנטקעגן, אף דער צווייטער זייט פון דער גאס, איז געשטאַנען א הויכע טונקל־גרויע קירכע און א גרויסער צלם האָט צו דער הויכקייט זיך געצויגן.

עטל איז געוואָרן באהערשט פון א מאָדנעם אומפאַר־שטענדלאכן געפיל.

— זייער סימבאָליש — האָט זי געזאָגט — מגן דוד און צלם, איינס אנטקעגן דעם אנדערן. פירן אָן זייער אייביקן קאמף. ווי הויך דער צלם איז!

שאפּיראָ האָט געשוויגן.. ער האָט געקוקט אף א מצבה און ס' האָט זיך אים געדאכט אז ער זעט דאָרט זיין נאָמען אויסגעקריצט, און זיינע ליפּן האָבן שטיל גע־מורמלט:

— שאפּיראָ איז געשטאָרבן. געשטאָרבן.

* * *

זיי זיינען שווייגענדיק געגאַנגען אַ פּאָר מינוט, און שאַפּיראָ האָט געטראַכט אַז ער מוז איר איצט זאָגן דאָס צוליב וואָס ער האָט איר אַרויסגענומען. אַרום־וועגן פירן אַרונטער פון וועג. ס׳ האָט פון איר אַ וואַרעמקייט געהויכט און ער האָט דערפילט אַז אים איז קאַלט. ער מוז איצט אויסזען זייער רחמנות׳דיק.

— וואָס וועט זיין דער תכלית, עטל ?... — האָט ער געפרעגט און שטאַרק חשק געהאַט אַז יעדער וואָרט וואָס ער האָט נאָר־וואָס אַרויסגערעדט, זאָל זיך צוריק אומקערן צו אים, ס׳זאָל אַריין אין מויל אַריין און ער וועט שוין מער גאָרניט רעדן.

עטל איז געבליבן שטיין. ניט געקאַנט מאַכן קיין טראָט ווייטער. איר געזיכט האָט אויפגעפלאַמט. אירע אויגן האָבן געקוקט דערשראָקענע. זי האָט געפילט אַז עפּיס האָט זיך אַ ריר געטון אין איר גאַנצן קערפּער.

— וואָס מיינט איר ? — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט. איר פאַרלאָרנקייט האָט שאַפּיראָ׳ן געמוטיקט.

— ס׳ איז שוין צייט צו וויסן וואו מיר האַלטן אין דער וועלט—האָט ער געפּרואווט אָננעמען אַ שפּאַסיקן טאָן און ניט געקאָנט — שוין אפשר דריי יאָר אַז איר טראָגט אַ מאַסקע אויף זיך און איך וויל עס איצט אַרונטעררייסן.

— טוט עס בעסער ניט — האָט זי געזאָגט — איר וועט ערגער מאַכן. איר וועט דערזען אַז אונטער דער מאַסקע איז פאַר אייך גאָר ניטאָ... נאַרט זיך בעסער אָפּ...

זיין מוטיגקייט וואָס ער האָט פריער באַקומען, האָט אָנ־געהאַלטן. ער האָט איר שאַרף אַריינגעקוקט אין אירע אויגן.

— אייערע אויגן געבן אייך אַרויס — האָט ער געזאָגט — די מאַסקע איז אַרונטערגעריסן.

— וואָס זעט איר אין מיינע אויגן? — האָט זי גע־פרעגט.

— דער בליק פון אייערע אויגן איז איצט אַ באַזיגטער, אַן אונטערגעגעבענער. איר זיינט איצט אין אייערע גע־דאַנקען אַזוי נאָענט צו מיר...

— איר זיינט בלינד — האָט זי געזוכט ווערטער אַף צו באַליידיקן אים, אַף אים ווי צו טאָן — מיינע אויגן מאַכן חוזק פון אייך, לאַכן פון אייך אָפּ ס׳ גרעסטע געלעכ־טער.

אָבער שאַפּיראָ האָט געפילט די פאַלשקייט פון אירע ווערטער. מיט אַלע חושים האָט ער דערפילט אַז זי איז איצט אינגאַנצן אונטער זיין איינפלוס.

ער איז איצט געווען אַנטשלאָסן, און דערפאַר וואָס ער האָט געוואוסט אַז זי האָט דערפילט זיין מאַכט, האָט ער זיך שוין אָפּגעלאָזט ווי איינער וואָס האָט דערפילט אַז ער קאָן שוין שווימען, זיך האַלטן אַפ׳ן וואַסער, און ער צולאָזט זיך מיט די הענט און פיס. דאָס וואַסער וועט אים שוין טראָגן, אויפהאַלטן.

— ס׳ איז דאָך דאָס איינציקע וואָס איז מיר פאַרבליבן — האָט ער גענומען רעדן ווי צו זיך אַליין און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער — לעב אַ לעבן פון אַ רעפּאָר־

טער — א טרוקעס, א נישטיקס, כאפּסט זיך אָן אין א חלום פון ווייסע נעכט, פון רוימען ניט דערגרייכטע, דערפילסטו ערשט דעמאָלט דיין קליינקייט, דיין געפאלנ־קייט. א טאָג נאָך א טאָג — איינער פוסטער פונ׳ם אנדער׳ן. דו ביזט נאציאָנאַל געשטימט, אידישלאך, און דו זעסט ווי דיין פאָלק מאטערט זיך און ווערט געפייניקט, אזוי ווי מ׳ האָט זיך אָנגעזעצט דערויף דאָס אומברייינגען. דער צלם, זאָגט איר, איז אזוי הויך! האָסט ליב דיין שפּראך, אידיש, האָסט עס איינגעזויגן מיט דער מאמע׳ס מילך, און דו זעסט ווי עס צאנקט. ווי א ליכט גייט עס אוים. מ׳ הייגגט דעם אויף א שלאָס אפ׳ן מויל. מ׳ דארף עס ניט... און זעסטו ווי א געפאנגענער האָט זיך פון תפיסה ארויסגעריסן, און אָט איז ער שוין אף דער פרייהייט. ער דערזעט צוריק די וועלט פאר זיך, — פאר אים אזא ליכטיקע וועלט! — קומען וועכטער און כאפּן אים און שלאָגן אים און נעמען צוריק בא אים זיי פריי־הייט צו...

— וואָס־זשע בין איך שולדיק?... — האָט עטל געפרעגט און געשמייכלט — אנטקעגן וואָס דערציילט איר עס מיר?

— איך דערצייל עס אנטקעגן אייך — האָט זיין ציטעריק אויפגערעגטע שטימע א ווארעמקייט באקומען. — איר זיינט יונג און שיין, און אין אייערע אויגן ליגן באהאלטן אלע סודות פון דער וועלט. אייער שמייכל, אייער לעבענס־פרייד איז אן אייביקער געזאנג.

— שאפּירא, איר זיינט א דיכטער! — האָט זיך עטל דערפרייט.

— איך בין ניט!.. האָט ער זיך ניט געלאָזט איינ־

ריידן און זיין שטימע איז נאָך ווארעמער געוואָרן — איך בין א מענטש! און עס רעדט איצט פון מיר זעקס און צוואנציק יאָר לעבן ארוים. איר ווייסט גוט, עטל, וואָס איך פיל צו אייך, און איר וועט מיר ניט דערציילן קיין מעשיות אז איך גיי אייך נאָרניט אָן. איז אַלע מאָל קומט איר צו צו מיר אזוי נאָענט, כאָטש מיט דער האַנט צו דערגרייכן. און אלע מאָל, וואָס נאָענטער איר קומט צו, אלץ מער דערווייטערט איר זיך פון מיר. וואָס זיינט איר אויסן דערמיט, עטל? וואָס איז אייער ציל?...

עטל האָט איצט געפילט פרייער, באַרואיקט. דער שטורם איז אריבער...

— איך בעט אייך, טשארלי, רעדט מיט מיר איצט ניט וועגן דעם — האָט זי אים צארט אָנגענומען פאר א האנט — איך בין מיד פונ'ם גיין. נעמט א טעקסי, וועלן מיר פאָרן צו מיר אהיים.

* * *

די טיר איז געווען פארשלאָסן. עטל האָט זיך אָנגעַ־בוינן, ארויסגענומען דעם שליסל פון אונטער'ן קארפעט, אויפגעדרייט דעם „פעטענט" שלאָס און זיי זיינען ביידע אריינגעגאנגען אין הויז אריין.

אין קיך, אפ'ן טישל איז געווען א צעטעלע וואָס שפרה האָט איבערגעלאָזט:

„עטל, דערוואַרם דאָס עסן און לאָז איבער דעם שליסל, אויב דו גייסט אַוועק."

— וואָס זשע שטייט איר אזוי? טוט זיך אוים דעם מאנטל — האָט עטל געזאָגט צו שאפּיראָ'ן און געוואַרט ער זאָל עס איר איבערגעבן.

שאפּיראָ האָט זיך געפילט פארלאָרן. א באַלעבאַטישע הויז איז פאר אים א נייס. זיין מערסטע צייט גייט בא אים אוועק אין האָטעל, אין דער רעדאקציע און אין בלום׳ס קאַפּיי. קומט ער אמאָל אריין אין א פּריוואַטע הויז, איז עס אלס א רעפּאָרטער. מערסטענס, נאָך עפּיס אַן אומגליק וואָס איז געשעען אין הויז. עס פילט זיך אז אפילו פאר די איינוואוינער אליין איז איצט דאָס הויז פרעמד... ס׳ איז פּלוצלונג חרוב געוואָרן...

אָבער דאָ אין דעם הויז איז אלץ אזוי רואיק. מענטשן לעבן זיך דאָ זייער נאַטירלאכן לעבן. א גאַנצע פאַמיליע וואוינט דאָ.

און כאָטש ער איז געווען צופרידן וואָס קיינער איז איצט אין הויז ניטאָ, האָט זיך אים פאָרט געוואָלט זען ווי אלע זיינען דאָ. מע זיצט ארום דעם גרויסן טיש. מען פארברייננגט. ס׳ איז משפּחה׳דיג.

— איך בין אייך מקנא, עטל — איר זיינט מיט די עלטערן, איר האָט א היים, איר זיינט אזוי נאָענט צום שטאָם.

— אייערע עלטערן זיינען אין נויאָרק? — האָט עטל צום ערשטן מאָל געוואָלט וויסן פון שאפּיראָ׳ס נאָענטע.

— אַ טאַטע — האָט ער געענטפערט — די מאַמע איז ניטאָ שוין א פּאָר חדשים. א שוועסטער פאָרט ארום איבער דער וועלט, שרייבט נארישע ארטיקלען אין אַן ענגלישע צייטונג, און אין אידיש שרייבט זי לידער וועגן „מיין באָבעס ירושה״. זי און איך זיינען ביידע עפּיס פארוואָגלטע, אָן א שטאָם. אייך איז אזוי גוט!

— אָבער דער שטאָם אליין פון וואנען איך קום, איז אן ארויסגעריסענער. איבערגעפלאנצט פון ערגיץ — האָט אים עטל מיט א שטאַרקן צוטרוי דערציילט — ס׳ איז אזוי מאָדנע: איך טוליע זיך צו טאַטע־מאמע מיט דער שטאַרקסטער זיכערקייט. מיין היים, אף וועלכע איר זענט מיר מקנא, איז אזא ווארימע, און זיי אליין, די עלטערן, די וואָס האָבן פאר מיר די היים געמאַכט, זיי אליין זיינען אָפּגעריסענע וואָרצלען. זיי בייִנקן נאָך אלץ צו זייער ערשטער היים. איר ווייסט, וואו זיי זיינען היינט אוועק־געגאנגען? ס׳ איז אָנגעקומען א מאן פון זייער שטעטל, זיינען זיי געגאנגען אים זען און אים אויספרעגן וואָס ס׳ טוט זיך דאָרט. ס׳ איז שוין בא זיי היינט פריילאכער אף דער נאכט...

— אפשר איז עס דערפאר וואָס זיי האָבן זיך דאָ ניט גוט ארויפגעארבעט — האָט שאפירא געפרופט געפינען א סיבה.

— ווייס איך וואָס! — האָט עטל געלאכט — ס׳ אָרט זיי אסך! די מאַמע איז מיט אלצדינג צופרידן. אלץ איז: „א דאַנק גאָט דערפאר", „נישט צו פארזינדיקן". און דער טאַטע איז זיך גלאט א פריילאכער קבצן. ער האָט זיך דאָס ביסל וואָס ער באדארף, איז א כפרה, זאָגט ער, אלע גבירים! נאָר אז מען דערמאָנט זיי דאָס שטעטל פון וואנען זיי קומען — איז פרעגט שוין גאָרניט!

עטל האָט זיך ארומגעוואשן, צוגעקעמט און גערופן שאַ־פּירא׳ן אין קיך אריין:

— קומט, וועט איר פארזוכן מיין מאמע׳ס עסן.

זי האָט זיך גענומען צוגרייטן דאָס געקעכץ און שאַ־פּיראָ האָט זיך אוועקגעזעצט באַם טישל און נאָכגעקוקט איר יעדע באַוועגונג.

— טאָ וואו זשע איז דער מעסער? — האָט זי זיך ארומגעקוקט ארום זיך און אים ניט געזען.

— אָט איז ער דאָ אפ'ן טיש — האָט שאפּירא איר געגעבן דעם מעסער.

— ספּאסיבאָ! — האָט זיך באַ איר ארויסגעכאפּט א רוסיש וואָרט, איינע פון די געציילטע ווערטער אין רוסיש וואָס זי קאָן, און זי האָט זיך געוואונדערט וואָס ס'איז ארויסגעקומען דאָס ריכטיקע.

זי האָט א גלעט געטון מיט די הענט אירע אונטער־געשאָרענע האָר, און א בויג טוענדיק דעם קאָפּ ארויף, האָט זיך מער ארויסגעזען איר רונדער ווייסער האלז, וואָס האָט איצט אָן אויסגעצויגענער איר צוגעגעבן א באזונדער צארטקייט וואָס האָט געוואָרמט און ארויסגע־רופן באַ שאפּירא'ן א געפיל פון ברידערלאכער איבער־געגעבנקייט.

ער איז געזעסן אָנגעבויגן דעם קאָפּ אף דער לינקער האַנט און זיינע אויגן האָבן גייגעריקע, פאראינטערעסירטע זיך איינגעקוקט אין איר האלז, אין אירע שווארצע האָר, געדיכטע, פארכוואליעטע, און אין אירע באקן, פרישע, מאָטעווע, אומשולדיקע.

זי האָט א קוק געטון אף אים און א דינער שמייכל האָט א וועב געטון צווישן אירע ליפּן.

— איר קוקט אף מיר, ווי איר וואלט מיר איצט געזען

צום ערשטן מאָל — האָט זי געזאָגט.

— אָט דאָס וואָס איך טראַכט טאַקע — האָט שאַפּיראָ דאַרויף געענטפערט — פאַר די פּאָר יאָר וואָס איך קאָן אייך, האָב איך נאָר געזען אייערע אויגן, אייערע שוואַרץ־בלענדענדיקע אויגן וואָס בייטן זיך, ענדערן זיך אַזוי שנעל: וואַרעמע, קאַלטע; צופרידענע, אומצופרידענע; פריינט־לאַכע און ברוג'ע, נאָענטע און ווייטע. איך האָב אַלע מאָל געזען פאַר זיך נאָר אייערע אויגן, וואָס האָבן זיך אפילו אין מיין געדאַנק אויך געביטן אַזוי גיך. איצט קומט מיר אויס, אַז איך זע צום ערשטן מאָל אייער גאַנצן פּנים. איך האָב אַנטפּלעקט בא אייך אַ גאַנצן געזיכט...

— איך האָב הענט און פּיס אויך!... — האָט עטל אויסגערופן און זיך אוועקגעשטעלט נאָענט צו אים — איר זעט, שאַפּיראָ, אַ גאַנצע עטל!

אָבער איר לייכטער שפּאַס איז פאַר שאַפּיראָ'ן געווען אין ערנסט. ווען זי איז געשטאַנען אַזוי נאָענט נעבן אים מיט אירע אויגן, איצט פאַרחלום'טע, און אירע בריסטן האָבן זיך אַרויסגעקייַלעכיגט פון אונטער איר בלוזע אַרוים און פון אירע ליפּן האָט אַ וואַרעמער אָטעם אַ הויך געטון, האָט ער דערפילט איר קערפּערלאַכקייט וואָס איז ביז איצט געווען פאַר אים אַ ווייטקייט, אַ סוד.

עפּיס האָט אַ צי געטון אין זיינע ליפּן. זיי האָבן גע־רוישט מיט בלוט און זיך געצויגן צו עטל'ען.

עטל האָט באַמערקט די ענדערונג אין זיין געזיכט. זי האָט באַלד דערפילט אַז אָט קומט אַ צווייטער שטורם און זי האָט געוואַרט דערויף...

שאפּירא׳ם ליפּן האָבן זיך געצויגן צו אירע און זיינע הענט האָבן זיך אויסגעצויגן און איר א כאַפּ געטון, ער האָט איר צוגעדריקט צו זיך, און ווי ער וואָלט וועלן דעם גאַנצן זאַפט פון עטל׳ס קערפּער ארויסציען, האָט ער זיך אין אירע הייסע ליפּן איינגעגעסן און געפילט אז אויך זיינע ווערן אזוי געצויגן פון איר. ביידע דריקן אוים א לאַנגאָנענדיקן באַנער...

א שטראָם פון אָנגעזאַמעלטע איינגעהאַלטענע ליב־שאַפט האָט מיט א שטילן געררויש זיך געטראָגן פון עטל׳עז. זי איז געוואָרן אינגאַנצן באַהערשט פון געפילן, געפילן וואָס זי האָט זיי ביז איצט אונטערדריקט. זי האָט איינגע־פּלאָכטן אירע פינגער אין שאַפּירע׳ס האָר — אָט רייסט זי זיי אוים! זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף זיין שוים, אריינגעקוקט אין זיינע אויגן און זיי געקושט. אים אָנ־גענומען בא די באַקן און זיי געשטיפּעט. געטוליעט זיינע ליפּן צו איר האַלז. נאָכדעם האָט זי איר רעכטע באַק ארומגענומען מיט זיינער, ווי א קינד צו איר א מאַמע. איר האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט און עס האָבן זיך באַ־וויזן טרערן אין אירע אויגן.

— טשאַרלי, איך בין געוועזן שלעכט צו דיר און האָב דיר אזוי וויי געטון! — האָט איר קול געציטערט.

שאַפּירא האָט געפילט איר פרייד און די דערגרייכונג פון איר גליק, אָבער זיין פרייד איז ניט געוועזן אין אים... ער האָט מער געפילט די פרייד וואָס וועט קומען, דאָס גליק וואָס וועט זיין, פריער, ביז איצט, ווען זי איז געוועזן ווייט פון אים, ווען זי האָט אים וויי געטון...

— איך בין אזוי מאָדנע, טשאַרלי, אזוי מאָדנע, זאָג איך דיר! —האָט זי גערעדט מיט האַרץ און אירע שוואַר־

צע אויגן האָבן געלויכטן און געגליט — איך האָב זיך אליין ליב צו פייניקן. וואָס מער איך האָב דיר ליב געהאַט, האָב איך שטאַרקער געמאַכט דעם אָנשטעל אז דו גייסט מיר נישט אָן.

זי האָט אים ווידער א כאָפּ געטון און א שטאַרקן קוש געטון, און שאפּירא האָט הנאה געהאַט, ער האָט זיך באַרוישט מיט דעם רייץ פון איר שיינקייט. נאָר ערגיץ האָט א געדאנק א ניכטערער, א שאַרפער אים אין מוח א שנייד געטון:

— דער סוף פון א חלום א שיינעם...

און דער געדאנק האָט אין מח ווידער געשניטן:

— די גאָלדענע פּאווע איז געפלויגן און אין ים אריינגעפאַלן. און די ווייסע נעכט זיינען ווייט. ווערן ווייטער...

ער האָט דערפילט א טיפן באַהאַלטענעם טרויער, און ער האָט זיך דערשראָקן, מורא געהאַט אז עטל'ס אויגן זאָלן עס ניט אויפכאַפּן, האָט ער איר געדריקט צו זיך, געקושט אין אירע אויגן און מיט איר גליק זיך געפרייט...

---